ראמען ראלאנד.

# זשאן קריסטאף

## I. דער בעגינען.

איבערזעצט אונטער דער רעדאקציאן פון
דר. ק. פארנבערג.



ליטעראַרישער פערלאג, ניו יאָרק.
.1918

צו די פרייע גייסטער פון אלע נאציאנען,
וואס ליידען, וואס קעמפפען,
און וואס זיעגען.

ה. ה.

# דער בעגינען.

**Dianzi, nell' alba che precede al giorno.
Quando l'anima tua dentro dormia.**

**PURG IX**

„נאָך איידער דער פריהמאָרגען האָט אויסגעבראָכען
אין דעם קומענדען טאָג אַריין,
בעת היין נשמה איז נאָך געשלאָפען אין דיר.“

(דאַנטע קאַפּ. 9.)

# I.

Come, quando i vapori umidi e spessi.
A diaradar comini ciansi, la spera.
Del sol debilemente entra per essi....
PURG. XVII

ווי דער גליהענדיער קאָכענדיגער קעסעל שיקט
זיין דיקען, פּייכטען דאַמפּף צום הימעל,
וואו ער שעפּט זיך אוים אויף די הייסע
וועגען, וועלכע די זון האָט אָנגעברענט.

.17 דאַנטע קאַפּיטעל

פון הינטער דעם הויז האט זיך געהערט דאס מורמלען פון טייך. דער רעגען האט פון פריהמארגען אן געקלאפט אין די שויבען. א וואסער־פאס פון וועלכען עס האט זיך א פארע געטראגען איז אראבגערונען איבער דעם צובראכענעם פענסטער. דער געלבליכער טאג איז פארלאשען געווארען. א גלייכגילטיגקייט און טעמפקייט האבען געהערשט אין צימער.

דער נייגעבארענער האט זיך גענומען באוועגען אין זיין וויגעל. כאטש דער אלטער האט גלייך ביים אריינגעהן איבערגעלאזען זיינע הילצערנע שיך ביי דער טהיר, דאך האט די פאדלאגע געסקריפעט אונטער זיינע טריט און דאס קינד האט אנגעהויבען צו פישטשענען. די מוטער האט זיך ארויסגעבויגען פון איהר בעט דאס קינד צו בערוהיגען; דער זיידע האט אנגעצונדען דעם לאמפ, כדי דער קליינער זאל זיך ניט דערשרעקען פאר די נאכט, ווען ער וועט זיך אויפכאפען. די פלאם האט באלויכטען דעם רויטען פנים פון אלטען זשאן מישעל, זיין וויסען בארד, זיין בייזע מינע און זיינע לעבעדיגע אויגען. ער איז איצט צוגעגאנגען צו דער וויעגעל. פון זיין מאנטעל האט זיך געהערט מיט נאסקייט; געהענדיג האט ער אראפגעצויגען זיינע דיקע, בלויע זאקען. לואיזע האט איהם געגעבען א צייכען, ער זאל ניט צוגעהן צו נאהענט. זי איז געווען בלאנד, כמעט ווייס; איהרע געזיכטציגע זייגען געווען ווייך, זומערשפרייגקלאך האבען באדעקט איהר גוטמוטיגע שעפסען־געזיכט און איהרע ברייטע, בלייכע, שרעקעג־

דיג־שמייכלענדע ליפּען האָבען ניט געקאָנט זיך צוזאַמענ־קומען; זי האָט אַרומגעקוקט דאָס קינד מיט די אויגען — זעהר בלויע, זעהר ניט קלאָהרע אויגען מיט אַביסעל צו קליינע שוואַרצאַפּלען, אָבער דאָך אָהן אַ שיעור צערטליך.

דאָס קינד האָט זיך אויפגעכאַפּט און גענומען וויינען. זיין אונרוהיגער בליק האָט זיך באַוועגט. אַך! ווי שרעקליך דאָס אַלץ איז! די פינסטערנים, דער לאָמפּ, וואָס האָט אַזוי גראָב גענומען לייכטען, די שרעקענסבילדער פון אַ מאַרך, וואָס הויבט אָקאַרשט אָן אַרויסצוקריכען פון כאָאָס, די שטי־קענדע און באַוועגטע נאַכט אַרום, די פינסטערנים, וואָס האָט קיין ברעג ניט, די שטעכענדיגע איינדריקע פון די העל־לייכטענדינע שטראַהלען, שמערצען, פאַנטאַסטישע בילדער: ריעזיגע פיגורען, וואָס בייגען זיך אַריבער איבער איהם, אויגען וואָס שטעכען איהם דורך, וואָס פאַרגוואַלטיגען איהם און ער פאַרשטעהט ניט פאַר וואָס!... קיין כחות צו שרייען האָט ער ניט; דער שרעק האָט איהם ווי מיט טשוועקעס צוגעקלאַפּט און ער קען זיך אַ ריהר ניט טהאָן; מיט ברייט־געעפענטע מויל און אויגען זוכט ער מיט מאַטערניש אַבצו־כאַפּען דעם אָטהעם. זיין פעטער, געזונדער פּנים׳ל ציהט זיך צוזאַמען אין אַ וויינענדיגער און קאָמישער גרימאַסע. די הויט פון זיין פּנים׳ל און פון זיינע הענד איז ברוין, אין אַ בלייב־קייט אַריין, פול מיט געלבליכע פלעקען.

„גרויסער גאָט! ווי העסליך ער איז!“ האָט דער אַל־טער אַ זאָג געטהון אין אַ טאָן פון טיעפער איבערצייגונג.

ער האָט אַוועקגעשטעלט דעם לאָמפּ צוריק אויפ׳ן טיש. לואיזע האָט זיך אָנגעבלאָזען, ווי אַ קליין מיידעל, אויף ווע־מען מען האָט זיך אָנגעבייזערט. זשאַן־מישעל האָט אַ קוק

געטהאָן אויף איהר פון דער זייט און האָט זיך פארנאַנדער־געלאַכט.

„דו ווילסט דאָך ניט, אז איך זאָל דיר זאָגען, דאָס ער איז שעהן? דו ווייסט עס דאָך סאַי ווי סאַי ניט גלויבען. דאָך, דו ביזט אין דעם ניט שולדיג: זיי זיינען אַלע אַזוי."

דאָס קינד איז צו זיך געקומען פון דער טעמפּער פאַר־גליווערטקייט. אין וועלכען עס האָבען איהם אריינגעבראַכט דאָס ליכט פון לאָמפּ און דער בליק פון אַלטען און האָט אָנ־געהויבען צו שרייען. פיליכט האָט זיין אינסטינקט געפיהלט אין די אויגען פון דער מוטער א צערטליכקייט, וואָס האָט איהם צוגעגעבען מוטה זיך צו בעקלאָגען. זי האָט אויסגע־צווינגען די אָרימס צו איהם און האָט א זאָג געטהאָן צום אַלטען:

„גיט מיר אהער דאָס קינד."

דער אַלטער, ווי זיין מנהג איז געווען, האָט קודם כל זיך אריינגעלאָזען אין א מוסר־השכל.

„מען דאַרף די קינדער ניט נאָכגעבען, ווען זיי וויינען; מען דאַרף זיי לאָזען שרייען"...

ער איז אָבער דאָך צוגעגאַנגען, האָט גענומען דאָס קינד אין האַנד און האָט געברומט:

„אַזאַ פאַרזעהעניש האָב איך נאָך אין מיין לעבען ניט געזעהן".

לואיזע האָט מיט איהרע פיבערישע הענד א כאַפּ גע־טהאָן דאָס קינד און האָט עס בעהאַלטען ביי זיך אין ברוסט. מיט א צוטומעלטען און ענטציקטען שמייכעל האָט זי דאָס קינד בעטראַכט.

„מיין אָרים קינדעלע — האָט זי אַרויסגערעדט פאַר־

שעממערהייט — ווי העסליך דו ביזט! ווי העסליך און דאך האב איך דיך אזוי ליעב“!

זשאן־מישעל האט זיך אומגעקעהרט צוריק צום פייער און האט עס אנגעהויבען צו שארען בורטשענענדיג; אבער באלד האט א פריינדליכער שמייכעל זיך פארצויגען איבער זיין פארבייזטען פנים.

„מיין גוטע טאכטער’ל — האט ער א זאג געטהאן — נעהם זיך ניט צום הארצען: ער האט נאך צייט צו ווערן אנדערש. און נאך אלעמען, וואס מאכט עס אוים? מען קען פון איהם נאר איין זאך פערלאנגען: ער זאל אויסוואקסען אן עהרליכער מענש.“

דאס קינד האט זיך צוגעבויגען צו דער מוטערס האלבוואַרימען קערפער און זיך בארוהיגט. מען האט געהערט ווי עס ציהט די ברוסט דורשטיג. זשאן־מישעל האט זיך אנגעשפארט אן זיין שטול און האט בורטשענענדיג איבערגעחזר’ט די ווערטער:

„ניטא קיין שענערע זאך ווי אן אנשטענדיגער מענש צו זיין.“

ער האט א ווײלע געשוויגען און האט נאכגעטראכט וועגען דעם, צי עס וואלט זיך געלוינט דעם געדאנקען ווייטער צו שפינען; אבער ער האט ניט געוואוסט וואס מעהר צו זאגען וועגען דעם און דערפאר האט ער נאך א געוויסער פאוזע, אנגעהויבען ווידער אין אן אויפגערעגטען טאן:

„ווי קומט עס, וואס דיין מאן איז ניטא אין דער היים“?

„איך גלויב, אז ער איז אין טהעאטער — האט לואיזע, א דערשראקענע געענטפערט — ער האט רעפעטיציע“.

„דאס טהעאטער איז שוין פארמאכט; איך בין דארט פארבייגעגאנגען. נאך איינער פון זיינע ליגענס!“

— „ניין, באשולדיג איהם ניט שטענדיג. עס קען זיין, אז איך האָב שלעכט פערשטאַנען. מען האָט מן הסתם איהם פערהאלטען אויף איינער פון זיינע שטונדען"...

„ער וואלט שוין לאנג געדארפט זיין צוריק אין דער היים — האָט דער אלטער גע'טענה'ט אַן אונצופריעדענער.

ער האָט אביסעל זיך געקווייקעלט און דאן אַ פרעג געטהאָן אין א שטילערן טאָן, כמעט פארשעמט:

„טאַמער, האָט ער ווידער" ?...

— „ניין, פאָטער, ניין", האָט לואיזע איהם פארזיכערט שנעל.

דער אלטער האָט אַ קוק געטהאָן אויף איהר, זי האָט זיין בליק אויסגעמידען.

"עס איז ניט אמת, דו זאָגסט א ליגען".

זי האָט שטיל זיך פארנאַנדערגעוויינט.

„מיין גאָט!" האָט דער אלטער זיך צושריען און האָט אַ בריקע געטהאָן אין דער אייוווען־טהירל. די קאטשערע איז אראָפּגעפאלען מיט א גערויש, אזוי אז די מוטער און דאָס קינד האָבען אַ ציטער געטהאָן.

— „פאָטער, איך בעט דיך — האָט לואיזע א זאָג געטהאָן — ער וועט זיך צואוויינען." דאָס קינד האָט עטליכע סעקונדען אזוי ווי זיך געשלאָגען מיט דער דעה: צי זאָל ער שרייען, אדער וויטער אָנגעהן מיט'ן זייגען; און אזוי ווי ביידע זאכען טהאָן מיט אמאָל האָט ער ניט געקאָנט, איז ער געבליבען ביים לעצטען.

זשאַן־מישעל האָט וויטער גערעדט מיט אַ געדריקטער שטים, פון וועלכער עס האָט זיך צייטענווייז דורכגעריסען דער צאָרן:

— „וואָס האָב איך אזוינס דעם ליעבען גאָט געטהאָן,

צו האָבען אזא זוהן א שכור! עס האָט זיך באמת געלוינט אָבצולעבען א לעבען ווי איך, זיך ענטזאגענדיג אין אלץ — א גאנצען לעבען לאנג!... אבער דו, קענסטו דען ניט איהם צו־ריקהאלטען? נאָך אלעמען, צום טייוועל, איז עס דאָך דיין זאך! ווען דו וואָלסט איהם נאָר געקאָנט איינהאלטען אין הויז״!...

לואיזע האָט זיך שטארקער צוואויינט.

— „זידעל מיך ניט, איך בין שוין אונגליקליך גענוג. אלץ וואָס איך האָב געקאָנט, האָב איך געטהאָן. ווען דו וואָלסט געוואוסט, ווי עס שרעקט מיר די הארץ בעת איך בלייב אליין, שטענדיג דאכט זיך מיר, אז איך הער זיינע טריט אויפ'ן טרעפ. איך ווארט דאמאָלט, אז די טהיר זאָל זיך עפענען און איך פרעג זיך אליין: גאָט מיינער! ווי וועט ער אריינקו־מען?... עס מאכט מיר קראנק דאס זיך נאָר אויסצומאָלען.״

עס האָט איהר גענומען וואַרפען פון כליפּענען. דער אלטער איז געוואָרען אונרוהיג. ער איז צוגעגאנגען צו איהר, האָט אריבערגעצויגען די צוואָרפענע דעקע איבער איהרע ציטערנדיגע פּלייצעס און מיט זיין גרויסער האנד האָט ער איהר גענומען גלעטען איבער'ן קאָפּ.

— „נו, נו, האָב קיין מורא ניט, איך בין דאָך דאָ.״

זי האָט זיך אָנגעטאָן א כח זיך צו בארוהיגען צוליעב דעם קליינעם און האָט זאָגאר געפּרואווט א שמייכעל טהאָן.

— „עס איז געווען אן עולה, דיר צו דערצעהלען וועגען דעם״.

דער אלטער האָט א קוק געטהאָן אויף איהר און האָט א שאָקעל געטהאָן מיט'ן קאָפּ...

„מיין אָרים קינד! איך האָב דיר געשאָנקען ניט קיין גרויסען אוצר.״

— „עס איז געווען מיין אייגענע שולד — האָט זי גע־ענטפערט — ער האָט ניט געדאַרפט חתונה האָבען מיט מיר. איצט האָט ער חרטה, פאַר וואָס ער האָט עס געטהאָן".

„וואָס האָט ער דען חרטה צו האָבען"?

— „דו ווייסט דאָך דאָס אַליין גאַנץ גוט. דו אַליין ביזט געווען גוט אין כעס, וואָס איך בין געוואָרען זיין ווייב."

„זאָלען מיר בעסער ניט ריידען דערפון. יאָ עס האָט מיך אַביסעל פאַרדראָסען. אַ יונג ווי ער — איך קען עס דאָך רוהיג זאָגען ניט באַליידיגענדיג דיך — וועמען איך האָב מיט אַזוי פיעל זאָרג ערצויגען, אַן אויסגעצייכענטער מוזיקאַנט, אַ גאַנצער קינסטלער — ער האָט געקאָנט טהאָן אַן אַנדער שדוך, אַנשטאָט צו נעהמען דיר, וואָס האָט אַ פּרוטה ביי דער נשמה ניט געהאַט, פון אַ פּראָסטע הויז און זאָגאַר ניט פון אונזער פּראָפעסיע. אַ קראָפט זאָל חתונה האָבען מיט אַ מיידעל, וואָס איז אַפילו קיין מוזיקאַנטין ניט — דאָס האָט מען אין אונזער משפּחה פאַר גאַנצע הונדערט יאָהר ניט אַנגעזעהן! אָבער דו ווייסט גאַנץ גוט, אַז ניט קוקענדיג אויף דעם האָב איך אויף דיר קיין פאַריבעל ניט און אַז איך האָב דיך האָלט געקראָגען ווען איך האָב זיך גע־העגטער בעקאַנט מיט דיר. בכלל, האָט מען איין מאָל זיך בעשלאָסען, דאַרף מען זיין צופרידען; דאַמאָלט בלייבט נאָר איין זאַך: אַנשטענדיג צו ערפילען די פליכט."

ער האָט זיך ווידער אומגעקעהרט צו זיין שטול, האָט זיך גענומען אַביסעל צייט און האָט איבערגע׳חזר׳ט מיט יענער פּאַראַדניקייט, וואָס ער פלעגט צוגעבען צו אַלע זיינע שפּרוכען:

„די וויכטיגסטע זאַך אין לעבען איז צו טהאָן זיין פליכט!"

ער האָט געוואָרט, מען זאָל איהם אבפּרעגען און האָט אַ שפּיי געטהאָן אין פּייער: אבער אזוי ווי ניט די מוטער און ניט דאָס קינד האָבען געגען דעם גאָר נישט געזאָגט האָט ער ניט געהאט וואָס ווייטער צו זאָגען און איז אנטשוויגען גע־וואָרען.

מען האָט מעהר אַ וואָרט ניט אויסגערעדט. זשאַן־מי־שעל פאַר׳ן פייער און לואיזע זיצענדיג אין בעט, האָבען ביידע וועגען טרויעריגע מחשבות זיך פערטראַכט. דער אַל־טער האָט, ניט קוקענדיג אויף די אַלע אָקאָרשט אַרויסגע־זאָגטע ווערטער, מיט ביטערקייט געטראַכט וועגען זיין זוהן׳ס שדוך. אויך לואיזע האָט וועגען דעם נאָכגעטראַכט און האָט געזוכט זיך אַליין צו באַשולדיגען, כאָטש זי האָט ניט געהאַט וואָס זיך פאַרצואוואַרפען.

זי איז געוועזען אַ דיענסטמיידעל, וועז, צו אַלעמענס אי־בערראַשונג און ניט ווייניג אויך צו איהר אייגענער איבער־ראַשונג, מעלכיאָר קראַפט, זשאַן מישעל׳ס זוהן, האָט מיט איהר חתונה געהאַט. די קראַפטס האָבען קיין פאַרמעגען ניט געהאַט, אבער זיי זיינען געוועזען זעהר געאַכטעט אין דער קליינער שטאָדט ביים רהיין, וואו דער אַלטער האָט זיך באַ־זעצט מיט בערך אַ האַלבען יאָהרהונדערט פריהער. פון דורות אָן זיינען זיי מוזיקאַנטען געוועזען און גוט בעקאַנט צווישען די מוזיקער פון גאַנצען לאַנד, פון קעלן ביז מאַנהיים. מעלכיאָר איז געוועזען אַ פידעל־שפּיעלער אין הויף־טהעאַטער, און זשאַן מישעל האָט פריהער דיריזשירט די קאָנצערטען פון גרויס־פירשט. דער אַלטער האָט זיך געפיהלט שטאַרק ערנידעריגט דורך מעלכיאָרס שדוך. ער האָט געלייגט זעהר גרויסע האָפע־נונגען אויף זיין זוהן און האָט געוואָלט פון איהם מאַכען אַ באַריהמטען מאַן, וואָס ער אַליין האָט ניט געקאָנט ווערן. אָט דער נאַרישער טריט האָט אַלע זיינע עהרגייציגע האָפע־נונגען צושטערט. אין אַנפאַנג האָט ער שטאַרק געשטורמט

און באשאטען מעלכיאר'ן און לואיזע'ן מיט קללות. פון דעם אויגענבליק וואס ער האט איהר מעהר דערקענט, האט ער, אלס אן אנשטענדיגער מענש, מוחל געווען זיין שנור. ער האט זאגאר א מין פאטערליכע צערטליכקייט געקראגען צו איהר, וואס ער פלעגט גאנץ אפט אויסדריקען דורך גראבקייט.

קיינער האט ניט געקאנט פארשטעהן, וואס עס האט געטריבען מעלכיאר'ן צו דעם שדוך, — מעלכיאר'ן וויניגער ווי ווענען עס איז. זיכער איז, אז עס איז ניט געווען לואיזעס שענקייט. קיין זאך איז אין איהר ניט געווען וואס זאל פאר־פיהרען: זי איז געווען קליין, בלאסלאך און שוואך און איז געווען דער הפוך פון מעלכיאר'ן און זשאן מישעל'ן, וועלכע זיינען ביידע געווען גרוים און ברייט, ריעזען מיט רויטע פנים'ער, שטארקע קולאקען, גוטע אפעטיט, גרויסע דורשט און לוסט צו לאכען. עס האט אויסגעוויזען, ווי זי וואלט פון זיי ווערן צוזאמענגעדריקט; מען האט איהר קוים באַ־מערקט און ועל כולם האט זי נאך געזוכט צו מאכען, מען זאל איהר פארגעסען. וואלט מעלכיאר געווען א גוט הארצי־גער מענש, וואלט מען געקאנט גלויבען, אז איבער אלע אנ־דערע מעלות האט ביי איהם אריבערגעוואויגען לואיזעס גוטסקייט. אבער ער איז געווען דער גרעסטער בעל־גאוה. עס האט כמעט אויסגעזעהן, ווי ער וואלט זיך פארוועט, אז אזא יונגערמאן ווי ער, א גאנץ שעהנער, און ווייס גאנץ גוט, אז ער איז שעהן, וואס האלט פון זיך זעהר שטארק און איז באמת ניט אהן טאלאנט, וואס וואלט געקענט טהאן א רייכען שדוך און — ווער ווייס? וואס וואלט פילייכט טאקי געקאנט פארדרעהען דעם קאפ איינע פון זיינע שילערינען פון רייכע בעל־הבתישע קרייזען, ווי ער האט זיך באריהמט, אז ער זאל פלוצלונג אויסקלייבען א מיידעל פון פאלק, אן ארימע,

אַהן ערציהונג, ניט קיין שעהנע וואָס האָט אין קיין פּרט ניט געפּאסט זיך פאר איהם.

אַבער מעלכיאר האָט געהערט צו יענע זאָרט מענשען, וואָס טהוען שטענדיג דעם הפוך פון דעם וואָס מען ערוואַרט פון זיי און וואָס זיי ערוואַרטען פון זיך אליין. ניט דערפאר, ווייל מען האָט זיי ניט מתרה געווען! — מען זאָגט א מענש אן אָנגעלערנטער איז ווערטה ווי צוויי. אזעלכע מענשען מאַכען זאָגאר זיך פאר א ספּעציאליטעט ניט אריינצופאלען און זייער שיפעל צו טרייבען מיט א פעסטער האַנד צו א בעשטימטען ציעל. אבער זיי מאַכען דעם חשבון אָהן זיך אליין, ווארום זיי קענען זיך אליין ניט. אין א בעשטימטען מאָמענט פון זייער אינעווייניגסטער פוסטקייט, לאָזען זיי אָפּ די לייצעס; און עס פארשטעהט זיך שוין, אז ווי נאָר די זאַכען ווערן ניט קאָנטראָלירט, באקומען זיי א בייזען פארגניגען צו טהאָן קאַפּויער ווי עס פּאסט זיך פאר זייער בעל - הבית. די פריינגעלאָזענע שיפעל פאָהרט ארויף דוקא אויפ'ן זאמד. און דער שטארק אויסגערעכענטער מעלכיאר האָט חתונה געהאט מיט א קעכין. און ער איז דוקא ניט געווען שכור אדער משוגע אין דעם טאָג, ווען ער האָט זיך אויפ'ן גאנצען לעבען פארבונדען מיט איהר; ער האָט זיך אויך ניט געפונען אונטער דעם דרוק פון א שטארקער ליידענשאַפט; דערצו האָט איהם א סך געפעהלט. אבער טאָמער ווירקען אויף אונז גאָר אנדערע כחות ווי קאָפּ און הארץ, אנדערע זאָגאר ווי די געפיהלען — געהיימניספולע כחות, וואָס נעהמען איבער די קאָמאַנדע אין די מאָמענטען פון פוסטקייט, ווען די אנדערע כחות שלאָפען איין. און פילייכט זיינען עס יענע כחות געווען, וועלכע מעלכיאר האָט באַגעגענט אין דער טיעפקייט פון די בלייכע שוואַרצאַפּלען,

וואס האבען געקוקט אויף איהם אזוי איינגעשראקען יענעם אוונד, ווען ער האט מיט דער יונגער מיידעל ביים ברעג פון טייך זיך צורעדט און זיך אוועקגעזעצט מיט איהר אין די קוסטעס אום — ניט וויסענדיג פאר וואס — איהר זיין האנד צו געבען.

קוים איז די חתונה געווען פאריבער, האט ער גענומען שטארק חרטה האבען איבער דאס, וואס ער האט אבגעטהאן. ער פלעגט עס זאגאר ניט בעהאלטען פון דער ארימער, גע־הארכזאמער לואיזע, וועלכע האט ביי איהם גענומען בעטען מחילה. ער איז ניט געווען קיין שלעכטער און האט איהר גערן מוחל געווען; אבער אין א מינוט ארום פלעגען איהם בעפאלען געוויסענביסע אין קרייז פון זיינע פריינד, אדער ביי זיינע רייכע שילערינען, וואס האבען גענומען איצט קור־קען אויף איהם מיט פעראכטונג און וואס האבען אויפגעהערט א ציטער צו טהאן, ווען ער פלעגט מיט זיין האנד אנריהרען זייער האנד, אום צו פארבעסערן די האלטונג פון די פינגער אויף דער פיאנא. ער פלעגט דאמאלט קומען מיט א קרומער מינע אהיים, וואו לואיזע פלעגט מיט א צובראכענער הארץ גלייך פון ערשטען בליק אן שוין קענען אויסלייענען די גע־וועהנליכע פארוואורפען; אדער ער פלעגט זיך אבשטעלען אין פארשידענע שענקלאך; דארט פלעגט ער שעפען צופרי־דענהייט מיט זיך אליין און מחילה פאר אנדערע. אין אזוינע אווענדען פלעגט ער אריינקומען אין הויז מיט א פרעהליכען געלעכטער, און דאס פלעגט מאכען לואיזען טרויעריגער ווי די בעהאלטענע שטעכווערטער און דאס בייזע בורטשענען פון אנדערע טעג. זי האט זיך געפיהלט פעראנטוואָרטליך פאר זיינע אנפעלע פון שכרות, דורך וועלכע עם פלעגען יעדעס־מאל אלץ מעהר פארשווינדען, צוזאמען מיט די פאר גראשען

וואָס זיינען געווען נוטיג צום לעבען, אויף די לעצטע שידיים פון מעלכיאר׳ס שוואַכען פערשטאַנד. אזוי איז ער געזונקען פון טאָג צו טאָג אלץ טיעפער. אין אַן עלטער, ווען ער האָט געדאַרפט ארבייטען אָהן רוה כדי צו ענטוויקלען זיין מיטעל־מעסיגען טאַלאַנט, האָט ער געלאָזען זיך אַראָפּגליטשען בארג אראָפּ; און אנדערע האָבען זיין פּלאַץ פאַרנומען.

אָבער וואָס האָט עס געארט יענע געהיימע מאכט, וואָס האָט איהם צוזאמענגעפיהרט מיט דער פּלאַקסהאָריגער דיענסטמיידעל? מעלכיאר האָט זיין פליכט געטהאָן, און דער קליינער זשאַן־קריסטאָף איז געקומען אום צו שטעלען אַ פוס אויף דער ערד, אויף וועלכע דער שיקזאל האָט איהם ארויסגע־שטופּט.

עס איז געוואָרען פאַלשטענדיג נאַכט. לואיזעס שטים האָט אויפגעוועקט דעם אַלטען זשאַן־מישעל פון דער אַפּאַ־טיע, אין וועלכער ער האָט זיך געפונען זיצענדיג ביים פייער און דערמאָנענדיג זיך אָן די אמאָליגע און איצטיגע צרות.

— „פאָטער, עס איז געוויס שפּעט„ — האָט די יונגע פרוי צערטליך געזאָגט — „דו מוזט געהן אהיים; דו האָסט אַ ווייטען וועג“.

„איך וואַרט אויף מעלכיאָר'ן“ — האָט דער אַלטער געענטפערט.

— „ניין, איך בעט דיר, איך וואָלט בעסער וועלען, אַז דו זאָלסט ניט פערבלייבען.“

„פאַרוואָס“ ?

דער אַלטער האָט אויפגעהויבען דעם קאָפּ און האָט אויפמערקזאַם איהר אָנגעקוקט.

ער האָט איבערגע'חזר'ט :

„דו האָסט מורא, דו ווילסט ניט, אַז איך זאָל איהם באַגעגענען ?“

— „געוויס, יאָ ! דאָס וועט נאָר מאַכען די זאַך ערגער. איהר וועט איינע מיט די אַנדערע זיך צורייסען; איך וויל עס ניט. איך בעט דיר“ !

דער אַלטער האָט אַ זיפץ געטהאָן, האָט זיך אויפגעהויבען און געזאָגט : „אַלזאָ געהען מיר !“

ער איז צוגעגאַנגען צו איהר, האָט אַ ריב געטהאָן אָן איהר שטערן זיין שטעכעדיגע באָרד, האָט אַ פרעג געטהאָן

צי זי דאַרף נאָך עפּעס, האָט אַראָפּגעדרעהט דעם לאָמפּ און האָט פאַרלאָזען דעם צימער, זיך אָנשטויסענדיג אָן די שטוה־לען אין דער פינסטערנים פון צימער. אבער ער איז נאָך אפילו אויפ'ן טרעפּ ניט געווען, ווען ער האָט ווידער גענומען טראַכטען וועגען זיין זוהן, וואָס וועט קומען א היים א שכור'ער; און ער האָט זיך אָבגעשטעלט ביי יעדען טריט; ער האָט זיך אויסגעמאָלען טויזענד געפאַהרען, אויב מען זאָל איהם אריינלאָזען אליין...

אין בעט, לעבען דער מוטער איז דאָס קינד ווידער אונרוהיג געוואָרען. אַן אונבעקאַנטע מאַטערניש האָט זיך אויפגעהויבען פון דער טיעפקייט פון זיין לעבען. ער האָט זיך געבאַרעט מיט איהר. ער האָט געדרעהט זיין קערפּער, האָט פאַרקוועטשט די פויסטען, האָט צוזאַמענגעקנייטשט דעם שטערן. דער שמערץ האָט זיך פאַרגרעסערט רוהיג, זי־כער אין זיין מאַכט. דער קליינער האָט ניט געוואוסט, וואָס דאָס איז אַזוינס און פון וואַנען עס קומט. עס האָט איהם זיך געדוכט, אַז עס וועט קיין מאָל קיין סוף ניט נעהמען דער־צו. און ער האָט אָנגעהויבען צו יאָמערן הויך. זיין מוטער האָט איהם גענומען גלעטען מיט זאַנפטע הענד. שוין איז דער שמערץ געוואָרען ניט אַזוי שטעכענדיג. ער האָט אבער נאָך אַלץ געוויינט, וואָרום ער האָט דאָס נאָך אַלץ געפיהלט לעבען זיך, אין זיך. — דער ליידענדער מענש קען פאַרלייכ־טערן זיין שמערץ, אויב ער וויים פון וואַנענט עס קומט; ער קען דורך זיין דענקען באַגרענעצען דעם שמערץ אויף א טהייל פון קערפּער, וואָס קען געהיילט ווערן, אָדער, אויב נויטיג, אָבגעשניטען ווערן; ער באַשטימט זיינע גרענעצען און טהיילט עס אָפּ פון זיך אליין. דאָס קינד פאַרמאָגט ניט אָט דעם קוואַל פון זעלבסט־הילף. זיין ערשטע בעגעג־ניש מיט'ן שמערץ איז טראַגישער און רעאַלער. ווי זיין איי־

גענע עקסיסטענץ, אזוי האט אויך דער שמערץ פאר איהם קיין גרעניץ ניט; ער פיהלט איהם טיעף אין זיין ברוסט, פעסט אין זיין הארץ אלס הערשער איבער זיין פלייש, און אזוי איז עס טאקי: ער וועט איהם שוין מעהר ניט פארלאזען, ביז ער וועט איהם אויפעסען אין גאנצען.

די מוטער האט צוגעדריקט דאס קינד צום הארצען מיט די טרייסטווערטער:

— „שוין פארביי, שוין פארביי, מיר דארפען מעהר ניט וויינען, מיין קליינער מלאכ'ל, מיין קליינער גאלדפישע־לע"...

דאס קינד איז אבער אלץ ווייטער אנגעגאנגען מיט זיין כליפענען. עס האט אויסגעוויזען, אז אט דאס עלענדע, טעמ־פע, ניט בעוואוסטזיניגע שטיק פלייש האט א פארגעפיהל פון דעם גאנצען פיינליכען לעבען, וואס שטעהט איהם פאר. קיין זאך האט עס ניט געקאנט בארוהיגען...

די גלאקען פון ס"ט־מארטין קירך האבען געזונגען דורך דער נאכט. זייערע שטימען זיינען געווען ערנסט און שווער. אין דער לופט, וואס איז געווען נאס פון רעגען, האבען זיי זיך געהערט ווי טריט אויף מאך. דאס קינד איז אנטשוויגען געווארען אין מיטען פון זיין כליפענען. די וואונדערבארע מוזיק האט זיך זאנפט אריינגעגאסען אין איהם, ווי א שטראם פון מילך. די נאכט איז געווארען ליכטיג, די לופט האט אויסגעוויזען צארט און פייכט. זיין שמערץ איז פאר־שוואונדען, זיין הארץ האט אנגעהויבען צו לאכען און ער האט זיך אריינגעגליטשט אין טרוימען מיט א זיפץ פון יאוש.

די דריי פריערליכע גלאקען האבען ווייטער געקלונגען דעם יום טוב פון קומענדיגען פריה־מארגען. זיך צוהערענ־

דיג צו זיי האָט אויך לואיזע געטרוימט פון איהרע פערגאַנ־
גענע צרות און פון דעם, וואָס עס וועט שפּעטער ווערן פון
איהר ליעבען קינד, וואָס איז איינגעשלאָפען ביי איהר
זייט. זי איז שוין שטונדען־לאַנג געלעגען אויסגעצויגען אין
איהר בעט א פערמאַטערטע און געפּייניגט פון שמערצען.
איהרע הענד און איהר קערפּער האָבען געברענט. די שווערע
פּערענע האָט איהר געדריקט. זי האָט זיך געפיהלט אין
גאַנצען צובראָכען און איינגעשראָקען פון דער פינסטערניש;
זי האָט בעטראַכט דאָס קינד; און די נאַכט האָט איהר ניט
געשטערט צו לייענען אין זיינע געזיכטסציגע וואָס האָבען
אויסגעזעהן אַזוי אַלטליך. דער שלאָף האָט איהר בייגעקור־
מען, פיבערהאַפטע בילדער האָבען זיך גענומען ציהען דורך
איהר מאַרך. איהר האָט זיך געדאַכט, אַז זי הערט ווי מעל־
כיאָר עפענט די טהיר און די האַרץ איז איהר איינגעפאַלען.
מינוטענווייז האָט אין דער שטילקייט זיך געהערט שטאַר־
קער דאָס מורמלען פון טייך, גלייך ווי דאָס ברילען פון א
חיה. די שויב האָט געקלאַפּט נאָך איין מאָל, צוויי מאָל אונ־
טער די פינגער פון רעגען. די גלאָקען האָבען געקלונגען
לאַנגזאַמער און זיינען אַנטשוויגען געוואָרען; און לואיזע איז
איינגעשלאָפען לעבען איהר קינד.

די גאַנצע צייט האָט דער אַלטער זשאַן־מישעל גע־
וואַרט לעבען הויז; די צייהנער האָבען געקלאַפּט ביי איהם
פון רעגען און דער באָרד איז געוואָרען דורכגענעצט פון די
דראָבנע טראָפּענס. ער האָט געוואַרט, אַז זיין אונווירדיגער
זוהן זאָל צוריקקומען; וואָרים זיין שטענדיג־אַרבייטענ־
דער קאָפּ האָט ניט אויפגעהערט איהם צו מאָלען טראַגישע
געשיכטען, וועלכע קענען געשעהן דורך זיין שכרות; און
כאָטש ער אַליין האָט אין דעם ניט געגלויבט, וואָלט ער דאָך

א מינוט ניט געקאָנט איינשלאָפען אויב ער וואָלט אוועק, ניט זעהענדיג ווי מעלכיאר איז צוריקגעקומען אהיים. דער געזאנג פון די גלאָקען האָט אויף איהם א טרויער ארויפ־געצויגען; ווארום דאָס האָט איהם דערמאָנט אן זיינע אָב־גענארטע האָפענונגען. ער האָט געטראכט וועגען דעם, וואָס ער שטעהט דאָ אויפ׳ן גאָס אין אזא צייט און ער האָט גע־וויינט פון שאנד.

דער ברייטער שטראָם פון טאָג האָט זיך לאַנגזאַם אַריינגעקייקעלט. מיט דערזעלבער פּינקטליכקייט ווי דער צופלוס און דאָס אָפּפאַלען פון אונענדליכען ים, אַזוי שטייגען אַרויף און געהען אַרונטער טאָג און נאַכט. וואָכען און חדשים לויפען אַוועק און הויבען זיך אָן פון דאָס ניי. און די רייהע פון טעג איז ווי איין טאָג.

דער שטומער טאָג אָהן אַ סוף, וואָס טיילט אָפּ דעם גלייכמעסיגען ריטם פון פינסטערניש און ליכט אין דעם לעבענסריטם פון יענעם פאַר׳חלומ׳טען באַשעפעניש, וואָס שלאָפט דאָרט טיעף אין זיין וויעגעל. — זיינע צווינגענדע פריידיגע און שמערצליכע באַדירפניסען קומען און געהן אַוועק אַזוי רעגעלמעסיג, אַז עס דוכט זיך, דאָס דער טאָג און די נאַכט, וואָס ברייגנען זיי מיט זיך וואָלטען גאַר פון זיי געבראַכט געוואָרען.

דער פּענדעל פון לעבען באַוועגט זיך שווער. דאָס קליינע בעשעפעניש איז אין גאַנצען פאַרטיעפט אין זיין לאַנגזאַמער פּולסירונג. דאָס איבעריגע זיינען נאָר חלומות— אונקלאָהרע, אונבעשטימטע שטיקלאַך חלומות, אַ שטויב־וואָלקען פון אַטאָמען, וואָס טאַנצען אַרום אָהן אַ סדר, אַ שווינדעלדיגער שטורם, וואָס געהט פאַרביי און רופט אַרויס אַ געלעכטער אָדער אַ שרעק. געשרייען, באַוועגטע שאָ־טענס, משונה׳דיגע געשטאַלטען, שמערצען, שרעק, געלעכ־טער, טרוימען, טרוימען... אַלץ איז ניט מעהר ווי אַ טרוים... טאָג ווי נאַכט... און אין דעם כאַאָס דאָס ליכט פון פריינד־ליכע אויגען, וואָס שמייכלען צו איהם, דער שטראָם פון

פרייד, וואס גיסט זיך אריין אין זיין קערפער פון דער מו־טערס קערפער דורך דער ברוסט, וואס איז פון מילך אויפגע־שוואלען; — דער כח וואס ליעגט אין איהם, דער ריעזיגער, אונבעוואוסטער כח, דער ברויזענדער ים, וואס ברויזט אין דער ענגער געפענגנים פון אט דעם קינדערשען קערפער — ווער עס וואלט געקאנט לייענען אין איהם, דער וואלט דער־זעהן וועלטען, וואס זיינען האלב באגראבען אין דער פינס־טערניש, קליינע וואלקענדלאך, וואס גיסען זיך צוזאמען, א גאנצע וועלט וואס ווערט פארכמורעט... זיין עקסיסטענץ האט נים קיין גרעניץ. ער איז אלץ, וואס עס איז...

די חדשים געהען... פון דעם שטראם פון לעבען הויבען אן זיך ארויסצואווייזען זכרון־אינזלען. און אנהויב זיינען עס קליינע אינזלאך, וואס געהען ווידער פארלארען, שפיצען פון פעלזען, וואס רייסען זיך דורך דורך די אויבערפלעך פון וואסער. ארום זיי און הינטער זיי שפרייט זיך נאך אויס, אין דעם בין השמשות, ווי פריהער, דער גרויסער שטילער וואסער־לייך. נאכהער, וויעדער נייע אינזלען, באגילט פון זון.

אזוי שווימען ארויף פון דעם אבגרונד פון דער נשמה מיט א זעלטענער קלאהרקייט געוויסע פארמען, געוויסע גע־שעהענישען, אין דעם טאג אהן א סוף, וואס הויבט אן שטענדיג דאסזעלבע פון דאס ניי מיט דעם איינטאניגען און מעכטי־גען קלאפען פון זיין פענדעל, הויבט זיך אן צו בעווייזען דער קרייז פון טעג, זיך געבענדיג די הענד און ווייזענדיג זייערע פראפילען איינע לאכענדיגע, די אנדערע טרויעריגע. אבער די רינגלאך פון דער קייט ווערן שטענדיג איבערגעריסען און די זכרונות ווערן צוזאמענגעקייקעלט פאר וואכען און חדשים צוזאמען...

דער טייך... די גלאָקען... אויף ווי ווייט ער קען זיך דער־מאָנען, אין די ווייטעסטע שטונדען פון זיין לעבען — שטענ־דיג זיינגען זייערע טיעפע און בעקאַנטע שטימען...

די נאַכט — אין האַלב שלאָף — אַ בלאַסע ליכט שיינט אריין דורכ'ן פענסטער... דער טייך רעדט און מורמעלט. דורך די שטילקייט ווערט זיין שטים מעכטיג, ער הערשט איבער אַלע ברואים. אפטמאָל צערטעלט ער זייער שלאָף און עס זעהט אויס ווי ער וואָלט אַליין באַלד איינדרעמלען דורך דאָס מורמלען פון זיין שטראָם. אפטמאָל ווערט ער דערצאָרנט און ברילט ווי אַ צוויושעטע חיה, וואָס וויל בייסען. דאָס ברילען ווערט רוהיגער: איצט איז עס אַ מורמלען פון גרעניצ־לאָזער צערטליכקייט, זילבערקלאַנגען, ווי קלאָהרע גלעק־לאַך, ווי אַ קינדערשער געלעכטער, ווייכע זינגענדע שטימען, טאַנצענדע מוזיק. גרויסע מוטערליכע שטים, וואָס שלאָפט קיינמאָל ניט איין! זי וויעגט דאָס קינד, ווי זי האָט גע־וויעגט זייט הונדערטע יאָהרען פון געבורט ביז צום קבר די דורות, וואָס זיינען געווען פאַר איהם; זי רייסט זיך אריין דורך זיין דענקען, באפרוכט זיינע טרוימען, ווי־קעלט איהם איין אין דעם מאַנטעל פון איהרע פליסענדע האַרמאָניען, וועלכע וועלען איהם נאָך האַלטען איינגעווי־קעלט, ווען ער וועט ליגען אויף דעם קליינעם בית־עלמין, וואָס שלאָפט ביים ברעג, וועלכער באָדט זיך אין די וואַסערן פון רהיין...

די גלאָקען... די מאָרגען זון איז דאָ! זיי ענטפערן זיך אומעטיג, כמעט טרויעריג, פריינדליך, שטיל. ביים קלאַנג פון זייערע שווערע שטימען הויבען זיך אויף מחנות פון טרוימען, ליידען פון פאַרשוואונדענע באַשעפענישען, וועלכע דאָס קינד האָט קיין מאָל ניט געקאַנט, כאָטש ער

איז אין זיי און זיי לעבען ווייטער אין איהם. יאהרהונ־דערטע פול פון ערינערונגען קלינגען אפּ אין דער מוזיק. וויפיעל טרויער, ווי פיעל פייערונגען! און ווען מען הערט זיי פון דער טיעפקייט פון צימער, דוכט זיך, ווי מען וואלט זעהן די שעהנע קלינגענדיגע כוואלעס פארבייציהענדיג דורך די ווייסע לופט, פרייע פויגלען, און דער פייכטער הויך פון ווינד. א ווינקעל פון בלויען הימעל לאכט אריין דורכ'ן פענס־טער. א זונענשטראהל גליטשט זיך אריין דורך די פאר־האנגען אויפ'ן בעט. די קליינע וועלטעלע, וואס דערגרייכט צום קינדס אויג, אלץ, וואס ער זעהט יעדען פריהמארגען פון זיין בעט ביים אויפכאפּען זיך, אלץ וואס ער הויבט אן מיט אזוי פיעל אנשטרענגונגען קוים צו דערקענען און א נאמען צו געבען ביז ער באהערשט זיי — זיין גאנצער קע־ניגרייך ווערט באלויכטען. אט איז דער טיש,ביי וועלכען מען עסט, דער שאפּ הינטער וועלכען ער בעהאלט זיך ביים שפּיעלען, די ציגעלנע פּאדלאגע איבער וועלכער ער קריכט ארום, די אבאיעס, וועמעס גרימאסען עס דערצעהלען איהם פרעהליכע אדער שרעקליכע מעשות און דער וואנד־זייגער, וואס שטאמעלט ארוים אזוינע ווערטער, וועלכע נאר ער אליין קען פארשטעהן. וויפיעל זאכען עס זיינען דאס פאראן אין אזא צימער! ער קען זיי נאך ניט אלע. יעדען טאג לאזט ער זיך אוועק זוכען נייע פארשונגס־זאכען אין דער וועלט, וועלכע געהערט צו איהם: — אלץ געהערט צו איהם. ער איז צו קיין זאך ניט גלייכגילטיג, אלץ האט פאר איהם זיין ווערטה, א מענש אדער א פליעג; אלץ לעבט: די קאץ, דער פייער, דער טיש, די שטויבקערנדלאך, וואס טאנצען ארום אין דעם זונ־שטראהל. דאס צימער איז א לאנד, א טאג איז א לעבען; ווי קען מען זיך ארויסגעפינען אין מיטען פון אזא

גרויסען שטח! די וועלט איז אזוי גרויס! מען פארלירט זיך אין דעם. און די פנים'ער, די באוועגונגען, דער גערויש, וואָס רינגלען איהם ארום ווי א שטענדיגער שטורם־ווינד!... ער ווערט פארמאטערט, די אויגען קלעפען זיך צו און ער שלאָפט ווידער איין. אזא זיסער, טיעפער שלאָף באפאלט איהם מיט אמאָל, גאנץ גלייך ווען און וואו ער געפינט זיך דאמאָלט: צי ביי דער מוטער אויפ'ן שויס, אָדער אונטער'ן טיש, וואו ער האָט זיך צו בעהאלטען... עס איז איהם גוט... אלץ איז גוט...

אָט די ערשטע בעוואוסטע טעג זשומען שטיל אין זיין קאָפּ ווי א תבואה פעלד, אָדער א וואלד, וואָס שאָקעלט זיך פון ווינד און איבער וועלכען עס ציהען זיך די גרויסע שאָטענס פון די וואָלקענס...

די שאַטענס געהען פאַרביי; די זון רייסט זיך אריין אין וואלד. קריסטאָף הויבט אָן אויסצוגעפינען זיין וועג דורך דעם לאַבירינט פון טאָג.

דער מאָרגען... די עלטערן שלאָפען. ער ליעגט אויפ׳ן רוקען אין זיין קליין בעטל. ער בעטראַכט די פאַסען ליכט, וואָס טאַנצען ארום איבער דער סטעליע און דאָס פאַרשאַפט איהם פאַרגניגען אָהן א שעור. פּלוצלונג לאָזט ער זיך פאַרנאַנדער אויפ׳ן קול, מיט יענעם וואַרימען קינדערשען געלעכטער, וואָס מאַכט ברייטער די הערצער פון די וואָס הערען עס. זיין מוטער בויגט זיך איין צו איהם און פרעגט: „וואָס האָסטו אזוינס געטהאָן, דו קליינער נאַרעלע״? דאַמאָלט לאַכט ער נאָך מעהר און שטרענגט זיך פּילייכט זאַגאַר אָן צו לאַכען, ווייל ער האָט א פּובליקום. די מאַמע מאַכט א שטרענגע העויה און לעגט ארויף דעם פינגער אויפ׳ן מויל, כדי קריסטאָף זאָל דעם פאָטער ניט אויפוועקען; אָבער איהרע מידע אויגען לאַכען געגען איהר ווילען. זיי שושקענען זיך... פּלוצלונג דערהערט זיך אַ צאָרנדיגער ברומען פון פאָטער. זיי ציטערן ביידע. די מאַמע דרעהט זיך אום צו איהם מיט׳ן רוקען און, ווי א צולאָזענע מיידעל, מאַכט זי זיך, אז זי שלאָפט. קריסטאָף גראַבט זיך איין אין זיין בעטל און האלט איין דעם אָטהעם... א טוידטע שטילקייט.

אין א קורצע צייט ארום בעווייזט זיך ווידער ארויס דער קליינער פּנימ׳ל, וואָס איז געוועזן פאַרשטיקט אונטער דער קאָלדרע. אויפ׳ן דאַך סקריפּעט די ווינדפאָהן, די רעגענרינע

זשורטשעט. די מאַרגענגלאָק קלינגט. קומט דער ווינט פון מזרח־זייט, אַזוי ענטפערן איהר די גלאָקען פון די דערפער וואָס ליגען אויפ'ן אנדערן ברעג טייך. די וואַראַבייטשיקעס וואָס האָבען זיך פעהזאַמעלט מחנות־ווייז אין דער וואַנט, וואָס איז באַוואַקסען מיט פלושטש מאַכען אַן אַ פאַרטוי־בענדען גערויש, פון וועלכען עס רייסען זיך דורך דריי אָדער פיער שטימען, שטענדיג דיזעלבע, גרילצענדיג העכער ווי די אַנדערע, פונקט ווי ביים שפּיעל פון אַ טשאַר־דע קינדער. אַ טויב וואַרקעט אויפ'ן שפּיץ פון קוימען. דאָס קינד לאָזט זיך פאַרוויגען פון די אַלע געראַוישען. עס ברומט אונטער פאַר זיך, אין אַנהויב שטיל, נאָכהער וויי־ניגער שטיל, נאָכהער הויך און צום סוף גאָר הויך, ביז דער פאָטער צושרייט זיך פון דאָס ניי אויסער זיך: „אָט דער אייזעל דאַרט וועט דאָס קיינמאָל ניט אַנטשווייגען ווערען? וואַרט נאָר! איך וועל דיר גוט אַנרייסען פאַר די אויערן"! דאַמאָלט פאַרקריכט דער קליינער אונטער זיין קאָלדרע און ווייס ניט: צי זאָל ער וויינען, אָדער לאַכען. ער פיהלט זיך דערשראָקען און גע־קריינקט, אבער צו דערזעלבער צייט מאַכט איהם די אידעע, וואָס מען האָט איהם פאַרגליכען מיט אַן אייזעל, ארויסצופּלאַ־צען מיט אַ געלעכטער. טיעף אין זיין בעט מאַכט ער נאָך דעם געשריי פון אייזעל. דעם מאָל בעקומט ער שמיץ. ער וויינט אויס אַלע זיינע טרעהרען. וואָס האָט ער אַזוינס גע־טהאָן? ער וואָלט אַזוי געוואָלט לאַכען און זיך באַוועגען! און עס איז איהם גאָר פאַרבאָטען זיך אַ ריהר צו טהאָן. ווי אַזוי קענען זיי גאָר אַזוי לאַנג שלאָפען? ווען וועט מען מעגען אויפשטעהן?...

איין טאָג האָט ער עס מעהר ניט אויסגעהאַלטען. ער האָט

דערהערט פון נאם א קאץ אדער א הונד, מיט איין וואָרט עפּעס א זאַנדערבארע זאַך. ער האָט זיך ארויסגעגליטשט פון בעטל, זיינע קליינע נאַקעטע פּיסלאך האָבען גענומען טופּען איבער די ציגעל, ער וויל ארונטער די טרעפּ צו זעהן, וואָס דאָרט איז אזוינס; אבער די טהיר איז צוגעמאכט, ער קריכט ארויף אויף א שטוהל, איהר צו עפענען: אליץ פאלט אבער איין, עס טהוט איהם זעהר וועה און ער צושרייט זיך. און ווידער אמאָל שלאָגט מען איהם. שטענדיג מען שלאָגט איהם !...

ער איז מיט'ן זיידען אין קירך און ער לאַנגווײַלט זיך זעהר. ער פיהלט זיך ניט גאַנץ בעקוועם. ער טאָר זיך ניט אַ ריהר טהאָן און די לייט זאָגען עפּעס אַלע מיט אַמאָל ווער־טער, וועלכע ער פאַרשטעהט ניט און אַלע מיט אַמאָל ווערן זיי אנטשוויגען. ביי אַלעמען זיינען די פּנים'ער אַזוי פייער־ליך און אַנגעכמורעט. דאָס זיינען גאָר ניט זייערע געוועהנ־ליכע פּנים'ער. זיי זעהען אַלע אויס ווי צושראָקען. די אַלטע לינאַ, די שכנ'טע, וואָס זיצט לעבען איהם האָט אַזאַ בייזען אויסזעהן; אין געוויסע מאָמענטען דערקענט ער אפילו דעם זיידען ניט. ער שרעקט זיך אביסעל. סוף כל סוף געוועהנט ער זיך צו דעם צו און פּרובירט אויס זיינע אַלטע מיטלען פון צייט־פערטרייב. ער שאָקעלט זיך, פאַרדרייט די האַלז אום צו קוקען אויף'ן סופיט, מאַכט העויות, שלעפּט דעם זיידען פאַר'ן ראָק, שטודירט די געפלאָכטענע שטרוי פון זיין שטוהל, פּרובירט מאַכען אַ לאָך אין שטול מיט'ן פינגער, הערט זיך צו צום געשריי פון די פויגלאך — ער גענעצט אַזוי, ווי ער וואָלט וועלען די מויל פאַנאַנדעררייסען.

פּלוצלונג הערט זיך אַ וואַסערפאַל פון קלאַנגען. דער אָרגעל שפּיעלט. אַ שרעק געהט אריבער ביי איהם איבער'ן רוקען. ער דרעהט זיך אום, שפּאַרט אָן די מאָרדע אין דעם וועגטעל פון שטוהל און בלייבט זיצען זעהר סטאַטעטשנע. ער פאַרשטעהט אַ האָר ניט פון דעם גאַנצען ליאַרם, ווייס ניט וואָס דאָס בעדייט: עס בלאָסקעט און שטורמט און מען קען גאָר ניט זיך פאַנאַנדערקלייבען. אבער עס איז גוט. עס איז שוין ניט מעהר ווי מען וואָלט געזעסען אַ גאַנצע שעה אויף

א ניט־בעקוועמען שטול אין א לאנגווייליגען, אלטען הויז. מען שוועבט ארום אין דער לופט, ווי א פויגעל. און ווען דער שטורם פון טעגער טראָגט זיך פון פּאַרנט אויף הינטען דורך דער קירך, אָנפילענדיג די געוועלבען, זיך אָנשטויסענדיג אָן וואנט, ווערט מען מיט איהם אליין אוועקגעריסען און ווי אויף פליגלען ווערט מען ארומגעטראָגען אהין און אהער; מען דארף זיך נאָר לאָזען ארומטראָגען. מען איז פריי, מען איז גליקליך, די זון שיינט... מען דרעמעלט איין.

דער זיידע איז אונצופרידען מיט איהם. ער פיהרט זיך ניט גוט אויף ביים דאווענען.

ער איז אין דער היים, זיצענדיג אויף דר'ערד און האלט די פיסלאך אין די הענטלאך. ער האָט אקאָרשט באַ־שלאָסען אז דער קאַוויאַרל ביים טהיר איז א שיף און די פאָדלאָגע איז א טייך. ער מיינט, אז ער וועט זיך דער־טרינקען, אויב ער וועט פארלאָזען דעם קאַוויאַרל. ער איז אביסעל פארוואונדערט און בייז, וואָס די אנדערע, וועלכע געהען דורך'ן צימער, באמערקען עס גאָר ניט, ווי ער. ער כאַפּט אָן די מוטער ביים קלייד: „דו זעהסט דאָך, אז דאָ איז וואסער! מען דאַרף געהן איבער'ן בריק" ! — דער בריק איז א רייהע פון לעבער צווישען די רויטע ציגעל. — די מו־טער געהט פארביי און הערט זיך אפילו ניט צו צו איהם. ער פיהלט זיך באליידיגט אונגעפעהר ווי א דראמאטורג, וואָס זעהט ווי דער עולם פלוידערט, בעת מען פיהרט אויף זיין פּיעסע.

אין א מינוט ארום טראכט ער שוין דערפון ניט. די פאָדלאָגע איז שוין מעהר ניט קיין וואסער. ער ציהט זיך אוים אויף דער פאָדלאָגע, אין גאנצער לענג מיט דער מאָרדע אויף די ציגעל און ברומט אונטער מוזיק, וואָס ער האָט אליין פערפאסט, זויגענדיג פאמעליך דעם גראבען פינגער. ער איז אין גאנצען פארטיעפט און בעטראכט א שפּאַלט צווישען די ציגעל. די ליניעס פון די ציגעל מאכען העויות ווי פנים'ער. דאָס קליינע לעכעל ווערט גרעסער און איז שוין באלד א טאָל. בערג רינגלען עם ארום. א ווערימעל קריכט ארום; ער איז גראָב ווי א העלפאנט. א דונער וואָלט געקענט אריינשלאָגען, דאָס קינד וואָלט עס ניט געהערט.

קיינער קימערט זיך ניט וועגען איהם און ער דארף קיינעם ניט. ער וואָלט אפילו געקאָנט זיך באגעהן אָהן די שיפלאך פון די קאוויארלאך און אָהן די לעבער פון פאָדלאָגע מיט זייערע פאנטאַסטישע ברואים. זיין אייגענער קערפער איז געגוג פאר איהם. וואָס פאר א קוואל פון פאר־גניגען! גאנצע שטונדען קען ער פארברייננגען בעטראכ־טענדיג זיינע נעגעל און לאכענדיג דערפון. יעדער איינער פון זיי האָט א פערשיעדענע פיזיאָנאָמיע און זיי זיינען זעהר עהנליך צו מענשען, וועלכע ער קען. ער לאָזט זיי פלוידערן צווישען זיך און טאנצען אָדער זיך שלאָגען. און דאָס איבע־ריגע פון זיין קערפער!... ער שפרייט אוים זיינע אונטער־זוכונגען איבער אלץ, וואָס געהערט צו איהם. ווי פיעל אי־בערראשענדע זאכען! עס זיינען פאראן צווישען זיי אויך א סך וואונדערבארע זאכען. ער פארטיעפט זיך נייגעריג קו־קענדיג אויף זיי.

ער באקומט אָפט גאנץ שטארק אנגעשלאָגען, ווען מען באפט איהם דערביי.

אין געוויסע טעג וואָרט ער נאָר, אַז די מוטער זאָל זיך אַבדרעהען, כדי זיך אַרויסצוכאַפּען פון הויז. אין אָנהויב פלעגט מען איהם נאָכלויפען און כאַפּען. נאָכהער האָט מען זיך צוגעוואָהנט איהם צו לאָזען אַליין, נאָר ער זאָל ניט אַוועק צו ווייט. די הויז שטעהט ביים עק שטאָדט און די פרייע פעלדער הויבען זיך אַן כמעט הינטער'ן הויז. כל זמן מען קען איהם זעהן פון פענסטער, געהט ער גאַנץ גאוה'דיג, זיך ניט אָבשטעלענדיג, ער שפּרינגט נאָר פון צייט צו צייט אונטער אויף איין פוס. אָבער ווי נאָר ער געפינט זיך ביים ענד פון וועג און די בוימלאַך פאַרשטעלען איהם, ענדערט ער מיט אַמאָל זיין האַלטונג. ער הויבט אָן דערפון, וואָס ער בלייבט שטעהן, לייגט אַריין דעם פינגער אין מויל און איז זיך מישב וועלכע מעשה ער זאָל היינט דערצעהלען, וואָרום זיין קאָפּ איז פול מיט מעשות. עס איז אפילו אמת, אַז זיי זיינען זעהר ענליך איינע צו די אַנדערע, און אַז יעדע פון זיי וואָלט פאַרנומען ניט מעהר ווי דריי־פיער שורות. ער קלויבט אויס. געוועהנליך חזר'ט ער איבער דיזעלבע מעשה; אָפּטמאָל הויבט ער פון דאָרט, וואו ער האָט נעכטען געלאָזען; נאָך עפטער הויבט ער פון אָנהויב אָן נאָר מיט וואַריאַציעס. אָבער עס איז גענוג עפּעס אַ גאָר נישט, עפּעס אַ צופעליג אויפגעכאַפּטער וואָרט, אום אַרויף צופיהרען זיינע געדאַנקען אויף אַ נייעם וועג.

דער צופאַל איז זעהר רייך אין הילפסמיטלען. מען קען זיך גאָר ניט פאַרשטעלען דאָס אַלץ וואָס מען קען אַרויסשלעפּען פון אַ שטיק האָלץ אָדער פון אַן אָבגעבראָ־

בענעם צווייג, וואס מען געפינט ביים ווערדל (און אז מען געפינט ניט, ברעכט מען איינעם אפּ). דאס איז א צויבערשטאק. איז עס לאנג און גלייך, דאן ווערט עס א שפּיזז, אדער גאר א שווערד. עס איז גענוג א פּאכע צו טהאן מיט איהם און ארמייען שפּרינגען ארוים פון אונטער דער ערד. קריסטאף איז זייער גענעראל; ער מארשירט פאר־אוים פאר זיי, ער ווייזט א ביישפּיעל און זיי אנפיהרענדיג, נעהמט ער בערגלאף מיט שטורם. בויגט זיך דער צווייג, דאמאלט ווערט עס א בייטש. קריסטאף זעצט זיך אויפ'ן פערד און שפּרינגט איבער אבגרונדען. אפטמאל פּאסירט אז דער זאטעל גליטשט זיך אראפּ און דער רייטער געפינט זיך פּלוצלונג אין א טיעפער קאנאווע, וואו ער בעטראכט מיט א פערוואונדערטער מינע זיינע בלאטיגע הענד און צוריסענע קניע. אויב דער שטעקעל איז קליין, מאכט זיך קריסטאף פאר א קאפּעל־מייסטער; ער אליין איז דער קאפּעלמייסטער און דער ארקעסטער; ער דיריגירט; ער זינגט און דאן פאר־נייגט ער זיך פאר די ביימלאך, וועמעס גרינע קעפּלאך עס שאקלען זיך פון ווינט.

ער איז אויך א כשוף־מאכער. ער שפּאצירט ארום איי־בער די פעלדער מיט גרויסע טריט, קוקענדיג ארויף צום הימעל און שאקלענדיג שטארק מיט די הענד. דאס באפעהלט ער די וואלקענס. ער וויל אז זיי זאלען געהן מעהר נאך רעכטס. זיי געהען אבער נאך לינקס. ער בייזערט זיך אויף זיי און חזר'ט איבער זיין באפעהל שטרענגער. פארזשמור־רענדיג אז אויגעל קוקט ער זיך צו מיט א קלאפּענדען האר־צען, טאמער וועט כאטש איינער, א קליינער איהם פּאלגען; אבער זיי האלטען אלע אין לויפען רוהיג נאך לינקס. דאַ־מאלט טופּעט ער מיט די פיס, סטראשעט זיי מיט'ן שטע־

קען און באַפּעהלט זיי געהן נאָך לינקס. און באמת, דעם מאָל פאָלגען זיי גאַנץ געטרוי. ער איז גליקליך און שטאָלץ מיט זיין מאכט. ער טאַפּט אַן די בלומען און באַפעהלט זיי זיך צו פערוואנדלען אין גאָלדענע קארעטען, ווי זיי טהוען עס אין די מעשה׳לאך. און כאָטש דאָס געשיהט קיין מאָל ניט, איז ער דאָך איבערצייגט, אַז עס וואָלט יא געשעהן, אויב ער וואָלט האָבען אביסעל מעהר געדולד. און אָט זוכט ער אוים א גראָז־גריל און וויל פון איהם מאכען א פערד; ער לייגט ארויף צארט זיין צויבערשטעקעל אויף זיין רוקען און מורמעלט אונטער א שפּרוך. די חיה׳לע אנטלויפט, אבער ער פארשפּאַרט איהר דעם וועג. אין א פּאָר מינוט ארום ליעגט ער אויסגעצויגען אויפ׳ן בויך לעבען דער חיה־לע און בעטראכט עס. ער האָט פארגעסען אַז זיין ראָלע פון א כשוף־מאכער און ער האָט הנאה צו דרעהען די אָרימע חיה־לע אויף דעם רוקען, און צו לאַכען הארציג פון דעם ווי זי דרעהט זיך.

עס פאַלט איהם אויף איין צו צובינדען צו זיין צויבער־שטעקעל אַן אַלטען פאָדים און עס ערנסט ארייינצוּוואַרפען אין טייך, ווארטענדיג ביז א פיש וועט זיך אָנכאַפּען אַן דעם. ער ווייס אַפילו גאַנץ גוט, אַז פיש זיינען ניט געוועהנט זיך אָנצוכאַפּען אַן א שטיקעל פאָדים אָהן א קרוטשיק און א ווערימעל. אבער ער דענקט אַז איין מאָל קען דאָך פאַר איהם געמאַכט ווערען אַן אויסנאַהם. און אין זיין פעסטען פאַר־טרויען איז ער זאָגאַר איין מאָל דערגאַנגען דערצו אָנצו־הויבען כאַפּען פיש מיט א בייטש דורך דער גראַטע פון א רינשטאָק. פון צייט צו צייט ציהט ער דעם בייטש ארויס זעהר אַן אויפגערעגטער און ער רעדט זיך איין אַז דעם מאָל איז די שטריקעל שווערער און אַז ער וועט ארויסציהען אַן

אוצר, פונקט אזוי ווי אין דער מעשה׳לע, וואס דער זיידע האט איהם דערצעהלט...

און שטענדיג פלעגט געשעהן אז אין רעכטען מיטען שפיעל פלעגט ער אריינפאלען אין מינוטען פון זאנדערבארע טרוימען און פולער שכחה. אלץ ארום איהם פלעגט אויסגע־מעקט ווערען און ער פלעגט ניט וויסען, וואס ער טהוט; ער פלעגט אן זיך אליין זאגאר זיך ניט קענען דערמאנען. דאס פלעגט קומען גאר ניט ערוואַרטעטערהייט. ביים געהן, ביים ארויפקריכען אויף די טרעפ — פלוצלונג פלעגט א פוסטקייט זיך עפענען אין איהם. עס פלעגט אויסקומען ווי ער האט אויפגעהערט אין גאנצען צו טראכטען. דאך, ווען ער פלעגט ווידער קומען צו זיך, פלעגט ער פיהלען ווי א מין שווינדעל אין קאפ, זעהענדיג אז ער געפינט זיך נאך אויפ׳ן זעלבען ארט אויף דעם פינסטערן טרעפ. ער פלעגט פיהלען ווי ער וואלט אין דעם המשך פון איניגע טריט א גאנצען לעבען דורכגעלעבט.

דער זיידע פלעגט איהם אַפט מיטנעהמען אויף זיינע פארנאכטיגע שפאצירען. דער קליינער פלעגט אונטערלויפען ביי זיין זייט, האלטענדיג איהם ביי דער האנד. זיי פלעגען געהן דורך די שטעגען אין מיטען פון די צואקערטע פעלדער, פון וועלכען עס פלעגט זיך הערען א שטארקער, גוטער ריח. די גרילען פלעגען גרילצען. ריעזיגע וואראנעס, וואָס פלעגען זיצען אנטקעגען זיי אויפ'ן וועג, פלעגען קוקען אויף זיי פון ווייטען און שווערפעליג זיך אויפהויבען און אוועקפליהען, ווען זיי פלעגען אנקומען נאהענטער.

דער זיידע פלעגט זיך אבהוסטען. קריסטאָף האָט זעהר גוט געוואוסט, וואָס דאָס בעדייט. דער אלטער האָט געברענט מיט דעם פערלאנג איהם צו דערצעהלען א מעשה־לע; אָבער ער האָט געוואָלט, אז דאָס קינד זאָל איהם בעטען. קריסטאָף האָט קיינמאָל ניט פארפעהלט עס צו טהאָן. זייביידע האָבען זיך גאנץ גוט פערשטאנען. דער אלטער האָט געהאַט א שטארקע ליעבע צו זיין אייניקעל, דערצו איז פאר איהם געווען א גרויס פרייד צו האָבען אזא אויפמערקזאמען פובליקום. ער האָט גערן דערצעהלט פאסירונגען פון זיין אייגענעם לעבען, אָדער די געשיכטען פון גרויסע מענער פון דער אלטער און נייער צייט. זיין שטים פלעגט קלינגען דאמאָלט געריהרט און מיט התלהבות און פלעגט ציטערן מיט א קינדערשער פרייד, וועלכע ער פלעגט זוכען איינצוהאלטען. מען פלעגט פיהלען, אז ער אליין הערט זיך צו מיט בעגייסטערונג. צום אונגליק פלעגען איהם אויספעהלען ווערטער ביים דערצעהלען. דאָס איז געווען א זאָרט ענטוי־

שונג, וואס פלעגט אפט קומען אין רעכטען ברען פון זיינע דרשות. אבער אזוי ווי ער פלעגט עס באלד פארגעסען, פלעגט ער קיין מאל ניט קומען דערצו א צווייטען מאל צו מאכען בעסער.

ער האט גערעדט וועגען רעגולאס, ארמיניוס, וועגען די יעגער פון לוטצאוו, וועגען קערנער און פרידריך שטאבס, וואס האט געוואלט טוידטען דעם קייזער נאפאלעאן. זיין פנים פלעגט לייכטען ווען ער פלעגט דערצעהלען פון אזוינע אונערהערטע העלדענטהאטען. ער פלעגט ארויסריידען די היסטארישע נעמען אין אזא פאראדנעם טאן, אז עס איז געווען אונמעגליך עס צו פארשטעהן. און ער האט געהאלטען פאר א קונסטשטיק צו מאכען זיין צוהערער זיך צאפּלען אין די שפאנענדיגע מאמענטען. ער פלעגט זיך דאמאלט אבשטעלען, מאכען ווי ער ווערגט זיך, מיט גערויש אויסשנייצען דעם נאז און זיין הארץ פלעגט אויפשפּרינגען פון פרייד, ווען דער קליינער פלעגט פרעגען מיט א שטים פארשטיקט פון אונגעדולד: „און וואס דאמאלט, זיידע“?

דער טאג איז געקומען, ווען קריסטאף איז עלטער געווארען און האט אנגעהויבען פארשטעהן דעם זיידעס שפּיעל און בייזוויליג האט ער זיך באמיהט אבצוואווארטען מיט א גלייכגילטיגטער מינע דעם המשך פון דער מעשה. דאס האט דעם אלטען זעהר שטארק וועה געטהאן. דערווייל אבער איז ער געווען אין גאנצען אין די הענד פון דעם ערצעהלער און זיין פולס פלעגט קלאפען שטארקער ביי די דראמאטישע פאסירונגען. ער האט ניט געוואוסט גענוי וועגען וועמען עס האנדעלט זיך אין דער ערצעהלונג, אדער וואו און ווי אזוי די העלדישע געשעהנישען זיינען פארגעקומען. צי דער זיידע האט געקענט ארמיניוסן, אדער אויב רעגוליוס

איז ניט געווען — איין גאַט ווייס פאַר וואָס? — איינער פון די, וועמען ער האָט לעצטען זונטאָג געזעהן אין דער קירך. אבער זיין האַרץ און דעם אַלטענס האַרץ פלעגען פון שטאָלץ און פרייד ברייטער ווערען ביי דער דערצעהלונג פון היסטאָרישע פּאַסירונגען, אזוי ווי זיי אַליין וואָלטען אין דעם א חלק געהאַט: ווארום דער אַלטער און דער יונגער זיינען ביידע קינדער געווען. קריסטאָף פלעגט זיין ווענ‏יגער גליקליך, ווען דער זיידע פלעגט אריינשטעלען אין מיטען פון די שפּאַנענדע פּאַסירונגען איינע פון יענע דרשות, וועלכע זיינען איהם אזוי געלעגען ביים האַרצען. דאָס רוב זיינען עס געווען מאָראַלישע בעטראַכטונגען, וואָס פלעגען ארויסגעהן פון א גוטען געדאַנק, אבער צו גוט בעקאַנט, ווי: „ווייכקייט איז בעסער ווי צאָרן"; אָדער: „עהרע איז טייערער ווי דאָס לעבען"; אָדער: „גוט זיין איז בעסער ווי שלעכט זיין" — נאָר ביי איהם פלעגען די שפּרוכען זיין פיעל מעהר פאַרפּלאָנטערט. דער זיידע האָט קיין שום מורא ניט געהאַט פאַר די קריטיק פון זיין יונגען פובליקום און ער פלעגט זיך לאָזען אוועקטראָגען פון זיין געוואָהנטער התלהבות; עס האָט איהם ניט געאַרט צו געברויכען דיזעלבע אויסדריקע, ניט צו פאַרענדיגען די זאַצען, אָדער זאָגאר, ווען ער פלעגט פאַרלירען דעם פאַדים אין מיטען פון זיין ערצעהלונג, ארויסצוזאָגען אַלץ וואָס פאַלט איהם איין אין קאָפּ, כדי צו פאַרשטאָפּען די לעכער פון זיינע געדאַנקען. ער פלעגט שטעלען דעם טראָפּ אויף איינצעלנע ווערטער, באַגלייטענדיג זיי מיט זינלאָזע העויות, אום זיי צוצוגעבען מעהר בעדייטונג. דער קליינער פלעגט זיך צוהערען מיט גרויס דרך־ארץ און האָט געטראַכט, אז דער זיידע איז א גרויסער בעל־דברן, אבער אביסעל לאַנגווייליג.

זיי האבען ביידע זעהר האלט געהאט זיך אומצוקעהרען צו די פאנטאסטישע ערצעהלונגען וועגען דעם קארסישען עראבערער, וואס האט אייראפא אונטער זיך אונטערוואָרפען. דער זיידע האט איהם געקאנט. ער האט כמעט געקעמפפט געגען איהם. אבער ער האט געוואוסט ווי אבצושאצען די גרויסקייט פון זיין געגנער. צוואנציג מאל האט ער עס גע־זאגט: ער וואלט אוועקגעגעבען איינעם פון זיינע ארימס, אויב אזא מאן וואלט געבארען געווארען אויף דער זייט פון רהיין. דער שיקזאל האט אבער אנדערש געוואלט: ער האט איהם באוואונדערט און האט געמוזט קעמפפען געגען איהם — דאס הייסט נאך א האר און ער וואלט געגען איהם געקעמפפט. אבער ווען נאפאלעאן איז שוין געווען נאר אויף א מהלך פון צעהן מייל און זיי האבען זיך שוין געדארפט באגעגענען, איז א שרעק בעפאלען אין מיטען וואלד אויף די קליינע קאמפאניע און זיי זיינען זיך צולאפען אין אלע זייטען שרייענדיג: „מיר זיינען פערראטהען"! אומזיסט, אזוי דערצעהלט דער זיידע, האט ער זיך באמיהט פון דאס בייזע צוזאמענצושלעפען די צולאפענע; ער איז געפאלען באר זיי אויף די קניע וויינענדיג און סטראשענענדיג: ער איז אבער מיטגעריסען געווארען פון זייער שטראם, אום אויף מארגען אין דער פריה צו זיך צו קומען גאנץ ווייט פון שלאכטפעלד — אזוי האט ער גערופען דעם ארט, וואו זיי זיינען צולאפען. — קריסטאף האט איהם אבער אונגעדול־דיג דערמאנט אן די טהאטען פון העלד און איז געקומען אין גרוים התפעלות פון זיין וואונדערליכען ארומרייטען אי־בער דער וועלט. ער האט איהם געזעהן פארפאלגט פון מחנות פעלקער אחן א צאהל, וואס האבען ליעבע צו איהם געשריען און וואס האבען אויף זיין איין וואונק אין א שטורם

זיך געוואָרפען אויף זיינע שטענדיג אנטלויפענדע שונאים. עס איז געווען א שעהנע מעשה'לע. דער זיידע האָט נאָך פון זיין אייגענער פאַנטאַזיע עפּעס צוגעגעבען אום צו באַפּוּצען די וועלט־געשיכטע; ער האָט געלאָזט נאַפּאָלעאָנען איינעהמען שפּאַניען און כמעט אויף ענגלאַנד, וועלכע ער האָט גיט האַלט געהאַט.

עס פלעגט אויך געשעהן, אז דער אַלטער קראַפט פלעגט איבעררייסען זיינע בעגייסטערטע ערצעהלונגען מיט בייזע פאַרוואורפען געגען זיין העלד. דער פּאַטריאָט פלעגט אין איהם זיך ערוועקען, פּיליכט מעהר, ווען ער פלעגט קומען צו דעם קאַיזערס מפּלות, ווי ביי דער שלאַכט פון יענא. ער פלעגט זיך אָבשטעלען כדי מיט'ן פויסט צו שטורכען צום טייך, אויסצושפּייען מיט פעראַכטונג און זיך אויסצושילטען אויפ'ן איידעלען שטייגער. — צו אַנדערע קללות פלעגט ער זיך ניט אראָפּלאָזען — ער פלעגט איהם רופען „לומפּ", „ווילדע חיה", „מענש אָהן מאָראַל". דאָך אויב דער צוועק פון די אַלע שפּרוכען איז געווען צו באַפעסטיגען אין קינד דעם געפיהל פון גערעכטיגקייט, דאַמאַלט מוז מען מודה זיין, אַז זיי האָבען דעם ציעל ניט דערגרייכט. וואָרום די קינדערשע לאָגיק האָט ריזיקירט צו קומען צו אַזאַ שלום: „אויב אַזאַ גרויסער מענש איז ניט מאָראַליש, הייסט עס, אַז די מאָראַל איז ניט פיעל ווערטה, וואָרום די וויכטיגסטע זאַך איז צו זיין אַ גרויסער מענש!" דער אַלטער אָבער איז געווען ווייט פון דעם גאָר צו פאַרדעכטיגען אַז אַזוינע געדאַנקען קענען נאָכלויפען ביי זיין זייט.

נאָך דעם פלעגען זיי ביידע בלייבען שטיל, נאָכטראַכטענדיג יעדער איינער אויף זיין אייגענעם אופן וועגען די וואונדערבאַרע ערצעהלונגען; סאַידען דער זיידע פלעגט

זיך באַגעגענען אויפ׳ן וועג מיט איינעם פון זיינע חשוב׳ע קונדען. ער פלעגט דאַמאַלט בלייבען שטעהן אָהן אַ סוף, טיעף זיך פארבייגען און פלעגט ארויסווייזען אָהן אַ שעור אונטערטהעניגע העפליכקייט. דאָס קינד פלעגט רויט ווערען, ניט וויסענדיג פאר וואָס. דער זיידע האָט אבער פון טיעפען הארצען געהאט דרך ארץ פאר די עקסיסטירענדע מאכט, און פאר מענשען וואָס האָבען זיך „דורכגעשלאָגען“; און עס איז זעהר מעגליך אז ער האָט דערפאר אזוי האַלט גע־האט די פערזאָנען פון זיינע ערצעהלונגען, ווייל ער האט אין זיי געזעהן מענשען מיט מעהר ערפאָלג און פון העכערן זאָרט ווי די אנדערע.

ווען עס פלעגט ווערען צו ווארים, פלעגט דער אלטער זיך אוועקזעצען ביי אַ בוים און כאַפּען אַ קליינעם דרעמל. דאַמאָלט פלעגט קריסטאָף זיך אוועקזעצען לעבען איהם ענט־ווערער אויף אַ קופּע לויזע שטיינער, אָדער אויף אַ מייל־שטיין, אָדער בכלל אויף עפּעס אַ הויכען, ניט בעקוועמען זיץ. ער פלעגט וויגען מיט די פיסלאך, אונטערברומען און זיך פאר׳חלומ׳ען. אָדער ער פלעגט זיך אוועקלייגען אויפ׳ן רוקען און פלעגט זיך צוקוקען ווי די וואָלקענס ציהען זיך: זיי זעהן אויס ווי אָקסען, ווי ריעזען, ווי קאַפּעלושען, ווי אַלטע פרויען, אָדער ווי געוואַלטיג גרויסע לאַנדשאַפּטען. גאַנץ שטיל פלעגט ער מיט זיי פּלוידערן. ער האָט זיך באַ־זונדערס אינטערעסירט מיט אַ קליינעם וואָלקען, וועלכען דער גרויסער האָט געוואָלט פארשלינגען; ער האָט מורא גע־האט פאר אזוינע וואָס זיינען צו שווארץ, כמעט בלוי און וואָס לויפען צו זיך גיך. עס האָט איהם זיך געדוכט, אז זיי פארנעהמען אַ געוואַלטיג־גרויסען פּלאַטץ אין לעבען; און ער האָט זיך געוואונדערט, וואָס ניט דער זיידע, ניט די

מאַמע שענקען דערצו קיין אויפמערקזאַמקייט נים. דאָס זיינען דאָך געווען שרעקליכע באַשעפעניש׳ן, וואָס קענען אָנטהאָן צרות. צום גליק געהען זיי פאַרביי גוטמוטיג און אביסעל משונה׳דיג און שטעלען זיך קיינמאָל ניט אָפּ. ענ־דיגען פלעגט זיך דערמיט, וואָס איהם פלעגט אָנהויבען אביסעל שווינדלען פון לאַנגען קוקען און ער פלעגט אָנהויבען צאַפּלען מיט די הענד און מיט די פיס, אזוי ווי ער וואָלט האַלטען ביים אַראָבפאַלען פון הימעל. עס פלעגט אָנ־הייבען פינקלען אין די אויגען און א שלאָף פלעגט איהם בעפאַלען... שטיל... די בלעטער מורמלען מילד און ציטערן און שוידערן. א לייכטער הויך ציהט זיך דורך די לופט; די פליגעלאָך זשומען ווי אַן אָרגעל; די גרילען, פאַר׳שכור׳ט פון זומער, גרילצען אין צופרידענער פרעהליכקייט. אַלץ שווייגט... דער געשריי פון דיאַטעל קלינגט אָפּ אין וואַלד־געוועלב ווי פאַר׳כשופט. דאָרט ווייטער, אין פלאַכען לאַנד רופט דער פויער זיינע אָקסען. די פאַדקעוועס פון א פערד קלינגען אָפּ אויפ׳ן ווייסען וועג. קריסטאָפס אויגען קלעפּען זיך צו. לעבען איהם קלעטערט א מוראַשקע אויף א פאַרדאַר־טען צווייג איבער א רינע. ער פאַרלירט דאָס בעוואוסטזיין... יאהרהונדערטע געהען פאַרביי. ער כאַפּט זיך אויף. די מו־ראַשקע איז נאָך אַלץ ניט אריבער דעם צווייגעל...

דער זיידע שלאָפט אַמאָל צו לאַנג; זיין פּנים ווערט דאַ־מאָלט שטרענג, זיין נאָז ציהט זיך אויס; זיין מויל עפענט זיך ווייט פאַרנאַנדער. קריסטאָף קוקט דאַמאָלט אויף איהם אביסעל אונרוהיג, ווארום ער האָט מורא, אז דער קאָפּ זאָל ביסלאַכווייז ניט אָננעהמען א פאַנטאַסטישען אויס־זעהן. ער זינגט הויך איהם אויפצואוועקען, אָדער ער לאָזט זיך אַראָפּגליטשען פון זיין קופּע שטיינער מיט גרויס גע־

רויש. איינמאָל איז איהם איינגעפאלען איהם א וואָרף צו טהאָן אין פּנים אריין עטליכע סאָסנע־נאָדלען און צו זאָ־ גען, אז זיי זיינען פון בוים אראָפּגעפאלען. דער אלטער האָט עס געגלויבט, און קריסטאָפ'ן האָט עס געמאכט צום לאכען. אבער ער האָט געהאט דעם שלעכטען איינפאל נאָך אמאָל עס צו פּרובירען; און דוקא דאמאָלט, ווען ער האָט אויפ־ געהויבען די האנד, האָט ער דערזעהן דעם זיידענס בליק געווענדעט צו איהם. עס איז ארויס א בייזער שפּאס: דער אלטער איז געווען צו ערנסט און האָט ניט דערלאָזען קיין שפּאס, וועלכער זאָל אָנריהרען דעם דרך־ארץ, וואס מען איז איהם שולדיג; א וואָך צייט זיינען זיי פארבליבען קאלט איינער צום צווייטען.

וואס ערגער דער וועג איז געווען, אלץ שענער איז ער געווען פאר קריסטאָפ'ן. יעדער שטיין האָט פאר איהם גע־ האט א בעדייט. ער האָט זיי אלעמען געקענט. דער סלאַד פון א וואָגען איז ביי איהם געווען א געאָגראפישע איבער־ קעהרעניש, וואס האָט געהאט דעם בעדייט פון די טאונוס־ בערג. ער האָט געהאט ביי זיך אין קאָפּ די לאנדקארטע פון אלע גראָבענס און בערגלאך אויף א שטח פון צוויי קילאָ־ מעטער פון זיין הויז. אויך האָט ער געהאלטען זיך ניט קלענער ווי דער וואס ארבייט מיט א גאנצער קאָמפּאניע ארבייטער, ווען עס פלעגט איהם זיך איינגעבען צו מאכען עפּעס אן ענדערונג אין דער באשטימטער אָרדנונג פון די בייטען; און ווען ער פלעגט מיט'ן קנאָפעל א קלאַפּ טהאָן אין א קופּע פארטריקענטע ערד און נאָכהער אויספּילען דעם טהאָל, וואס פלעגט ווערן אונטער זיין פוס, האָט ער יענעם טאָג ניט געהאלטען פאר פארלאָרען.

אמאָל פלעגט מען אויפ'ן וועג טרעפען א פויער אין

זיין ווענעל. ער איז געווען בעקאַנט מיט'ן זיידען און מען פלעגט זיך אריינזעצען צו איהם. דאָס איז געווען דער גן־עדן אויף דער וועלט: דאָס פערד איז געלאָפען גיך און קריס־טאָף האָט געלאכט פון שמחה, סאידען מען פלעגט טרעפען אַן אנדער שפּאַצירער; דאַמאָלט פלעגט ער מאכען אַן ערנס־טע און גלייכגילטיגע מינע, ווי איינער וואָס איז געוואָהנט צו פאָהרען אויף א וואַגען; אבער זיין הארץ איז געווען פול מיט שטאָלץ. דער זיידע און דער מאַן האָבען געשמועסט, זיך ניט קימערנדיג וועגען איהם. איינגעדריקט צווישען זיי־ערע קניה, איינגעקוועטשט פון זייערע פיס פלעגט ער קוים, אָדער גאָר ניט קענען זיצען און דאָך איז ער געווען גליק־ליך. ער האָט הויך געפּלוידערט, זיך ניט קימערנדיג וועגען ענטפערס. ער האָט געזעהן ווי די אויערן שאָקלען זיך ביים פערד. וואָס פאַר א משונה'דיגע חיות אָט די אויערן זיינען! זיי האָבען זיך געוואָרפען אויף רעכטס, אויף לינקס, אויף אַלע זייטען; זיי האָבען זיך צוגעשפּיצט אויפ'ן פאָרנט, זיי־נען געפאַלען אַן א זייט, זיך פאַרדרעהט אויף הינטען און דאָס אַלץ אויף אַזא משונה'דיגען שטייגער, אַז ער האָט געמוזט ארויספּלאַצען מיט א געלעכטער. ער האָט א קניפּ געטהאָן דעם זיידען כדי איהם צו מאכען אויף דעם אויפ־מערקזאַם. אבער דער זיידע האָט זיך ניט אינטערעסירט דערמיט. ער האָט קריסטאָפ'ן צוריקגעשטויסען און איהם געזאָגט, אַז ער זאָל איהם לאָזען צורוה. קריסטאָף האָט זיך פאַרטראַכט: ער מערקט אַז ווען מען ווערט גרויס, וואונדערט מען זיך שוין וועגען קיין זאַך ניט, מען איז דאַמאָלט שטאַרק און מען ווייס אַלץ, און ער פּרובירט אַליין אויף זיין א גרוי־סער, צו בעהאַלטען זיין נייגיריגקייט און זיך צו מאכען גלייכגילטיג צו אַלץ.

ער האָט געשוויגען. דאָס קייקלען זיך פון די רעדער האָט איהם פארשלעפערט. דעם פערדס גלעקלאך האָבען זאָרום־געטאַנצט. דינג, דינג, דינג, דינג. מוזיק האָט ערוואַכט אין דער לופט. זי האָט ארומגעשוועבט ארום די זילבערנע גלעק־לאך ווי א מחנה ביהנען; זי האָט זיך פרעהליך ארומגעוויגט ארויף און אראָפּ נאָך דעם ריטהם פון וואגען און איז געוואָ־רען א קוואל פון ליעדער, וואָס לאָזט זיך גאָר ניט אויס־שעפּען... איין ליעד איז נאָכגעגאנגען נאָכ'ן צווייטען. קרים־טאָף האָט זיי אלע געפונען פאר פּרעכטיג. איין ליעד האָט איהם אויסגעוויזען באַזונדערס שעהן, אזוי אז ער האָט גע־וואָלט ציהען דעם זיידענס אויפמערקזאַמקייט צו איהם. ער האָט עס געזונגען גאַנץ הויך. מען האָט זיך ניט געקימערט וועגן דעם. ער האָט גענומען א טאָן העכער און דאן נאָך אמאָל פון פולען האלז מיט אזא כח, אז זשאן־מישעל האָט זיך אַנגעבייזערט אויף איהם: „ווער שוין אמאָל אנטשוויגען! מען קען דאָך גאָר ניט אריבערטראָגען דיין טראָמפּייטען־געררויש"! דאָס האָט איהם גאָר פון טראָפּ אראָפּגעזעצט; ער איז רויט געוואָרען ביז'ן שפּיץ נאָז און איז אנטשוויגען גע־וואָרען, א טוידט־פאַרוואונדעטער. ער האָט מיט פעראַכטונג זיך אָבגעקעהרט פון די צוויי שוטים, וואָס זיינען ניט קאַפּאַבל צו פארשטעהן, וואָס פאר א גדלות עס ליעגט אין זיין געזאַנג, א געזאַנג וואָס האָט דעם הימעל געעפענט! ער האָט געפּו־נען, אז זיי זיינען זעהר מאוס מיט זייערע וואָכעדיגע בערד און אז עס הערט זיך פון זיי זעהר א שלעכטער ריח.

ער האָט זיך געטרייסט באַטראַכטענדיג דעם שאָטען פון פערד. עס איז געווען אזא וואונדערליכע זאַך. אָט די שוואַרצע חיה וואָס לויפט אויפ'ן וועג, ליעגט גאָר אָן א זייט. אין אָוונד, ווען מען פלעגט פאָהרען אהיים, פלעגט ער באַ־

רעקען א טהייל פון די פעלדער; פלעגט מען באגעגענען א קופע היי, פלעגט דער קאָפּ ארויפקלעטערן אויפ'ן שפּיץ און ווען מען פלעגט זיין פארבייגעפאָהרען, פלעגט ער ווידער זיך געפינען אויפ'ן אלטען פּלאַץ; די מויל פלעגט זיין אויסגעצויגען איז דער לייגג, ווי א צופּלאַצטער לופט באלאָן; די אויערן — גרויס און שפּיציג ווי די ליכט אין קירך. אבער צי איז עס טאקי באמת א שאָטען, אדער פּילייכט איז עס גאר א לעבעדיג באשעפעניש? קריסטאָף וואָלט ניט געוואָלט זיך טרעפען מיט איהם, ווי ער פלעגט עס טהאָן מיט'ן זיידענס שאָטען, ארויפטרעטענדיג ביי איהם אויפ'ן קאָפּ. דער שאָטען פון די ביימער, ווען די זון פארגעהט, איז אויך געווען נאָכצוטראכטען. ער פלעגט זיך, ווי א צוים אוועקליגען איבער דער ברייט פון וועג. ער פלעגט אויסזעהן ווי די טרויעריגע און קאָמישע גייסטער, וואָס זאָגען: „ביז דאנעט און ניט ווייטער.“ און די קוויטשענדיגע אקסען פון וואגען און די פאַדקעוועס פון פערד חזר'ן איבער: „ניט ווייטער“!

דער זיידע און דער פוהרמאן פלעגען גאָר ניט מיעד ווערן פון זייערע פּלוידערייען. וואָס האָבען קיין סוף ניט גענומען. אָפטמאָל פלעגען זיי ריידען אין א העכערען קול, באזונדערס, ווען עס פלעגט זיך האנדלען וועגען שטאָדטישע אנגעלעגענהייטען און וועגען די שלעכטע געשעפטען. דאָס קינד פלעגט דאמאָלט אויפהערן צו חלומ'ן און פלעגט קוקען אויף זיי, זו דערשראָקענער. איהם פלעגט זיך אויסדוכטען, אז זיי זיינען אין כעס איינער אויפ'ן אנדערן און ער האָט מורא געהאט אז עס זאָל ניט קומען צו קיין געשלעג. אבער גאנץ פארקעהרט פלעגט זיין אין יענע מינוטען, ווען זיי פלעגען איינע די אנדערע גוט פארשטעהן אין א געמיינזא־

מען האט. דאך דאס רוב האבען זיי קיין כעס ניט געטראגען, ווי בכלל, קיינע שטארקע אויפרעגונגען ניט: זיי פלעגען ריידען וועגען גלייכגילטיגע זאכען און פלעגען דערביי שרייען אזוי הויך, ווי זיי האבען נאר געקאנט, נאר פון פארגניגען צו שרייען, וואס דאס איז א פרייד ביים פאלק. אבער קרים־טאף, וואס פלעגט ניט פארשטעהן וועגען וואס זיי אונטער־האלטען זיך, פלעגט נאר הערען זייערע קולות, זעהן זייערע אויפגערעגטע פנימ'ער און ער פלעגט טראכטען מיט שרעק: „ווי בייז ער זעהט אויס! זיי האסען געווים איינע די אנדע־רע! ווי ער ווארפט מיט די אויגען! ווי ער עפענט דאס די מויל! פון כעס האט ער מיר דעם נאז באשפיגען! מיין גאט! ער וועט נאך דעם זיידען דער'הרג'נען!"...

דער וואגען שטעלט זיך אב. דער בויער זאגט: „אט זייט איהר אין דער היים!" די ביידע טוידט־שונאים דריקען זיך די הענד. דער זיידע קריכט ארויס דער ערשטער. דער פויער דערלאנגט איהם אין האנד אריין דעם אינגעל. א שמיץ דעם פערד; דער וואגען דער־ווייטערט זיך, און מען איז ווידער ביים אנהייב פון דעם אויסגעקרימטען וועג ביים רהיין. די זון זעצט זיך אראפ אין די פעלדער. דער שטעג שלענגעלט זיך כמעט אין דער זעלבער הויך ווי דאס וואסער. די פולע ווייכע גראז בויגט זיך מיט א קנאק אונטער זייערע טריט. די אלכעגבוימער בייגען זיך איין איבער'ן שטראם און באדען זיך אין די כוואליעס. א קנויל קאמארען טאנצען. א שיפעל פאהרט שטיל פארביי, געצויגען פון מילדען, כוואלעדיגען שטראם. די כוואלעס זויגען מיט א שטילען גערויש די צווייגען פון די ווער־בעס מיט זייערע ליפען. דאס ליכט איז נעפעלדיג דארט, די לופט — פריש, דער טייך זילבער גרוי. מען קעהרט זיך

אום צוריק אהיים און די גרילען זינגען. און שוין פון שוועל לאכט איהם אנטקעגען דער מוטערס טייערע געזיכט...

זיסע ערינערונגען, ליעבליכע בילדער, וואָס וועלן האר־מאָניש פארבייפליהען דעם גאנצען לעבען!... די רייזען, וואָס מען מאכט שפעטער, די גרויסע שטעדט, די ברויזענדע ימים, די לאנדשאפטען וואו מען טרוימט, די געליעבטע גע־שטאלטען, זיי קענען זיך ניט איינגראָבען אין דער נשמה אזוי קלאָהר און דייטליך, דאָס מען זאָל שוין קיין מאָל זיי ניט קע־נען אויסמעקען, ווי די קינדערשע שפאצירען, אדער דער איינפאכער ווינקעל פון גארטען, וועלכען מען האָט געקאָנט יעדען טאָג זעהן דורך'ן פענסטער, דורך די פארע און נאס־קייט, וועלכע האָט געמאכט אויפ'ן פענסטער דאָס קליינע מיילכעל, וואָס האָט ניט געהאט עפעס אנדערש וואָס צו טהאָן.

איצט איז אוועגד אין דער פארשלאסענער הויז. די הויז... דער בית־מקלט געגען אלץ וואס שרעקט: די פינסטערניש, די נאכט, די מורא, די אונבעקאנטע זאכען... קיין שונא קען ניט אריבער דער שוועל.. דאס פייער פלאמט. א גאלד־ברויגע גאנז בראט זיך אפעטיטליך אויפ'ן בראט־שפיז. אן אנגענעהמער ריח פון פעטס און ברעקעלדיגע פלייש טראגט זיך פאנאנדער איבער'ן צימער. פרייד ביים עסען! א גליק וואס האט זיין גלייכען ניט, פרומע בעגייסטערונג, שוימענדע פרעהליבקייט! דער קערפער ווערט מאט נאך די טעגליכע אנשטרענגונגען אין זיסער ווארימקייט און פון די קלאנגען פון די בעקאנטע שטימען. דאס געפיהל פון זאטקייט ברייגנט אלעמען אריין אין א מין התלהבות, און די פנים'ער, די שאטענס, די לאמפשירם און די פלאמען, וואס טאנצען ארום אין שווארצען קוימען מיט א רעגען פון שטערנס, זיי אלע באקומען א פרעהליכען און פאר'כשופ'טען אויסזעהן. ריסטאף שפארט אן די באק אן טעלער, כדי נאך בעסער צו קענען געניסען אט דאס גאנצע גליק...

ער ליעגט אין זיין ווארימען בעטל. ווי אזוי איז ער דארט אריינגעקומען? אן אנגענעהמע פארמאטערטקייט באפאלט איהם. דאס מורמלען פון די שטימען און די זכרונות פון טאג מישען זיך דורך אין זיין מוח. דער פאטער נעהמט די פידעל. שארפע און ווייכע טענער קלאנגען דורך די נאכט. אבער דאס העכסטע גליק איז דאמאלט, ווען די מאמע קומט, נעהמט זיין האנד און, אויף זיין פערלאנג, בויגט זי זיך אריבער איבער איהם און זינגט אין א האלבע שטים אן אלטע

ליעד. וועמעס ווערטער האָבען גאָר קיין בעדייט ניט. דער פאטער געפינט אז די דאָזיגע מוזיק איז נאַריש; אָבער קריס־טאָף'ן דערעסט זי קיינמאָל ניט; ער האַלט איין דעם אָטהעם, איהם ווילט זיך וויינען און לאַכען; זיין הארץ איז טרוקען. ער וויים מעהר ניט וואו ער איז און ער צוגיסט זיך אין צערטליכקייט. ער כאַפּט ארום די מוטערס האַלז מיט זיינע קליינע ארימס און קושט איהר מיט אַלע כחות. לאכענדיג זאָגט זי צו איהם:

„דו ווילסט מיך דערשטיקען"?

ער נעהמט איהר נאָך שטאַרקער ארום. ווי האַלט ער האָט איהר! ווי האַלט ער האָט אַלץ! אַלע מענשען, אַלע זאַ־כען! אַלץ איז גוט, אַלץ איז שעהן!... אזוי שלאָפט ער איין. דער גריל גרילצט ביים פּריפּעטשאָק, דעם זיידענס מעשה־לאך, העלדישע געשטאַלטען שוועבען דורך די גליקליכע נאַכט... צו זיין אַזאַ העלד ווי זיי!... יאַ, ער וועט עס זיין!... ער איז עס!... און, ווי גוט עס איז צו לעבען!...

וואָס פאַר אַ שלל פון קראַפט, פון פרייד און שטאַלצ־קייט עס לעבט אין אַזאַ קליינער באַשעפעניש! וואָס פאַר אַן איבערפלוס פון ענערגיע! זיין גוף און זיין נשמה געפינען זיך שטענדיג אין בעוועגונג, זייערע אריינגעצויגען אין אַ קרייז, וועלכער דרעהט זיך מיט אַ שנעלקייט וואָס פארכאַפּט דעם אָטהעם. ווי אַ קליינע סאַלעמאַנדרע טאַנצט ער ארום טאָג און נאַכט אין אַ פלאַם. אַ בעגייסטערונג וואָס ווערט קיין מאָל ניט פארמאַטערט און וואָס שעפּט פון איבעראַל איהר נאַהרונג. אַ פאַר'שכורנדיגער חלום, אַ שפּריצענדיגער קוואַל, אַן אוצר פון האָפענונגען אָהן אַ גרונד, אַ געלעכטער, אַ געזאַנג, אַ שטענדיגע שכרות. דאָס לעבען האַלט איהם נאָך ניט איין; ער רייסט זיך ארויס יעדע מינוט; ער שווימט ארום

אין דעם אונענדליכען. ווי גליקליך ער איז! אזוי זוי ער וואלט געשאפען געווען צו זיין גליקליך! קיין זאך איז ניטא אין איהם, וואס זאל ניט גלויבען אין גליק, וואס זאל זיך ניט פעסט האלטען אן גליק מיט אלע זיינע שוואכע ליידענשאפטליכע כחות!...

דאס לעבען וועט זיך באלד נעהמען פאר דעם איהם צום שכל צו ברייגנגען.

## II.

L' alba vinceva l'ora mattutina
Che fuggia 'nnanzi, si che di lontano
Conobbi il tremolar della marina...
PURG. I.

די אויפגעהענדע זון האט טריאומפירענד געיאגט
די מארגענשטונדע,
וועלכע איז געלאפען האסטיג פאראויס,
אונ דורך איהר האב איך דערזעהן פון וויטענס
דעם קאכעדיגען ים.
דאנטע קאפ. 1.

די קראַפטס האָבען געשטאַמט פון אַנטוועדפען. דער אַלטער זשאַן מישעל האָט פאַרלאַזען די לאַנד צוליעב איינ־געלשע נאַרישקייטען, נאָך אַ געוויסען ווילדען געשלעג—וואָס עס פלעגט אָפט פּאַסירען, ווייל ער איז געווען דער טייוועל ווייס וואָס פאַר אַ קריגער — וועלכער האָט זיך געענדיגט טרויעריג. פון דאַמאַלט אָן, שוין באַלד אַ האַלבער יאָהרהונ־דערט, איז זיין היים געוואָרען די קליינע פירשטען־שטאָדט, וועמעס רויטע שפּיציגע דעכער און שאָטענרייכע גאָרטענס, וואָס זיינען געלעגען דורכגעמישט משופּע'דיג אויף אַ ליעב־ליכען בערגל, האָבען זיך אָבגעשפּיגעלט אין די בלאַס־גרינע אויגען פון פאָטער — רהיין. זייענדיג אַן אויסגעצייכענטער מוזיקאַנט איז ער באַלד געוואָרען אָנערקענט אין אַ לאַנד וואו אַלע זיינען מוזיקאַליש. ער האָט נאָך טיעפערע וואָרצ־לען געלאָזען, ווען ער האָט חתונה געהאַט, איבער פערציג יאָהר צוריק, מיט קלאַרא סאַרטאָריוס, די טאָכטער פון דעם קאַפּעלמייסטער ביים פירשט, וועלכער האָט איהם איבער־געגעבען זיין שטעל. קלאַרא איז געווען אַ צערטליכע דייטש־קע, וועלכע האָט געוואוסט נאָר פון צוויי ליידענשאַפטען: די קיך און די מוזיק. דעם מאַן האָט זי פאַרהייליגט אַזוי שטאַרק, במעט ווי זי האָט פאַרהייליגט דעם פאָטער. זשאַן מישעל האָט ניט ווייניגער באַוואונדערט זיין פרוי. אין פערלויף פון פופצעהן יאָהר האָבען זיי געלעבט צווישען זיך אין פולער האַרמאָניע און געהאַט פיער קינדער. נאָך דעם איז קלאַרא געשטאָרבען; און זשאַן־מישעל האָט, נאָך דעם ווי

ער האט פארגאסען א סך טרערען, אין פינף חדשים ארום חתונה געהאט מיט אטילע שוץ, א צוואנציג יעהריגע געזונ־טע, לאכענדיגע מיידעל מיט רויטע באקען. אטילע האט פאר־מאגט פונקט אזוי פיעל מעלות, ווי קלארא און זשאן־מישעל האט איהר פונקט אזוי שטארק האלט געהאט. אכט יאהר נאך דער חתונה איז זי אויך געשטארבען, ניט איידער זי האט געהאט צייט געגוג איהם צו שיינקען זיעבען קינדער... צו־זאמען אלזא — עלף קינדער, פון וועלכע נאר איינס איז לע־בען געבליבען. כאטש ער האט זיי אלעמען היים געליעבט, זיינען דאך אזוי פיעל קלעפ ניט געווען בכח צו צושטערען זיין גוטע שטימונג. דער ערגסטער קלאפ איז געווען אטילעס טוידט, מיט דריי יאהר צוריק, אין יאהרען, ווען עס איז שוין שווער אנצוהויבען א לעבען פון דאס ניי און זיך צו שאפען א נייע היים. אבער נאך א מאמענט פון צומישונג האט דער אלטער זשאן־מישעל ווידער באקומען זיין מאראלישע גלייכ־געוויכט, וואס קיין אונגליק האט איהם ניט געקענט מאר־כען אין גאנצען צו פארלירען.

ער איז געוואָרען א גוטהערציגער מענש, אבער זיין גע־זונד איז געשטאנען ביי איהם העכער ווי אלץ. קעגען טרויער־ריגקייט האט ער געהאט א פיזישען עקעל און א שטארקע בעדירפניש האט ער געהאט פאר פרעהליכקייט, פאר דער שטארקער פלעמישער פרעהליכקייט, פאר א הארציגען, קינ־דערשען לאכען. וואס פאר א צער, ער זאל ניט האבען, ער האט צוליעב דעם איין גלעזעל ווייניגער ניט אויסגעטרונ־קען און איין ביסען ווייניגער ניט אויפגעגעסען, און די מוזיק האט קיינמאל ניט גערוהט. אונטער זיין פיהר־רערשאפט האט דאס הויפארקעסטער באקומען א געוויסע באריהמטקייט אין די לענדער ארום רהיין וואו עס האבען

זיך גענומען פארשפרייטען לעגענדען וועגען זשאן־מישעל צוליעב זיין ריעזיגע געשטאלט און זיינע צארן־אויסברוכען.

ניט קוקענדיג אויף אלע זיינע אנשטרענגונגען פלעגט ער זיך ניט קענען באהערשען, ווען דער צארן פלעגט איהם בעפאלען, ווארום אט דער היציגער מענש איז באמת געווען א פחדן און ער האט מורא געהאט זיך צו מאכען לעכערליך: ער האט שטארק געהאלטען פון שטאט און האט מורא געהאט פאר די עפענטליכע מיינונג. אבער זיין בלוט פלעגט איהם מיטרייסען מיט זיך: ער פלעגט ווערן רויט און באהערשט ווערען פלוצלונג פון א משוגע'נער אונגעדולד, ניט נאר ביי די רעפיטיציעס פון ארקעסטער, זאגאר ביי געוויינליכע קאנצערטען. עס האט אמאל פאסירט, אז אין דער אנוועזענהייט פון פירשט האט ער מיט כעס א שליידער געטהאן זיין קאפעלמייסטער שטעקל און ווי א צווישעטער גענומען טראמפלען מיט די פיס און זיך צושריען מיט א משונה'דיגען און שטאמלענדיגען קול אויף איינעם פון זיינע מוזיקאנטען. דער פירשט האט זיך פרעהליך געמאכט איבער דעם, אבער די דאזיגע קינסטלער האבען דערפאר געטראגען א שטארקע שנאה צו איהם. עס האט ווייניג וואס געהאלפען וואס זשאן־מישעל, אליין זיך שעמענדיג מיט זיין אנפאל, האט אין א מינוט ארום זיך באמיהט עס צו מאכען פארגעסען דורך איבערטריבענע העפליכקייט: ביי דער ערשטער געלעגענהייט פלעגט עס אויספלאצען פון דאס ניי; און אט די אויסערגעוועהנליכע אויפגערעגטקייט וואס איז אויף די עלטערע יאהרען געווארען נאך גרעסער, האט זיין שטעלע געמאכט זעהר שווער. ער האט עס אליין געפיהלט און איינמאל, ווען אן אנפאל פון זיין כעס האט כמעט ניט ארויסערופען א סטרייק פון גאנצען ארקעסטער, האט ער דער־

לאנגט זיין דימיסיע. ער האט געהאפט אז צוליעב זיינע פאר־דיענסטען וועט מען מאכען שווערקייטען ביים אננעהמען זיין דימיסיע, אז מען וועט איהם בעטען צו פערבלייבען; אבער קיין זאך אזוינס איז ניט געשעהן; און אזו ווי ער איז גע־ווען צו שטאלץ צוריק צו ציהען זיין בקשה, איז ער אוועק א פערביטערטער און באקלאגענדיג זיך אויף די אונדאנק־בארקייט פון מענשען.

זינט דאמאלט האט ער ניט געוואוסט ווי אויסצופילען זיינע טעג. ער איז שוין געווען אריבער זיבעציג; אבער נאך קרעפטיג און ער האט ניט אויפגעהערט צו ארבייטען און ארומצולויפען איבער'ן שטאדט פון אין דער פריה ביז ביינאכט, צו געבען שטונדען, צו פיהרען וכוחים, צו האלטען דרשות און זיך צו מישען אין אלץ. ער האט אנגעהויבען צו פארריכטען מוזיק־אינסטרומענטען; ער האט אלץ געזוכט נייעסען, געמאכט פראבעס און אפטמאל פלעגט ער אויך אויסגעפינען פארבעסערונגען. ער האט אויך קאמפאנירט, און האט זיך געוואלטיג אנגעשטרענגט עפעס וואס ארויס־צובריינגען. איין מאל האט ער אנגעשריבען א Maisse Solemnis פון וועלכע ער האט פיעל גערעדט, און וועלכע איז געווען דער שטאלץ פון דער פאמיליע. זי האט איהם געקאסט אזוי פיעל מאטערניש, אז ער האט איין מאל ביים שרייבען כמעט ניט באקומען די פאפלעקציע. ער האט גע־פרובירט זיך אליין איינרייידען, אז דאס איז א געניאלעס ווערק; און דאך האט ער גאנץ גוט געוואוסט מיט וואס פאר א פוסטקייט פון געדאנקען ער האט עס געשריבען; ער האט ניט געהאט דעם מוטה אין זיין אייגענעם כתב־יד צו טהאן א קוק, ווייל ער פלעגט יעדעס מאל דערקענען אין די מעלאדיען, וואס ער האט געהאלטען פאר אייגענע, גאר

שטיקלאַך פון אנדערע קאָמפּאָזיטאָרען, וועלכע ער האָט מיט אַזוי פיעל אַנשטרענגונגען צוזאַמענגעשלעפּט צוזאַמען. דאָס איז פאַר איהם געווען זעהר אַ גרויסער צער. אָפּטמאָל פלעגען איהם אַרויפקומען געדאַנקען, וועלכע ער פלעגט געפינען פאַר פּרעכטיג. ער פלעגט לויפען צום שרייבטיש אַ פאַרציטער־טער: ענדליך, ערפונדען עפּעס? — אבער ווי נאָר ער פלעגט די פעדער נעהמען אין האַנד, פלעגט ער זיך ווידער פיהלען איינזאַם און שטום. און אַלע זיינע אַנשטרענגונגען אויפצו־לעבען די פאַרשוואונדענע שטימען, פלעגען זיך ענדיגען דערמיט, וואָס ער פלעגט אָנהויבען הערען מענדעלסאָנס אָדער בראַהמס'עס בעקאַנטע מעלאָדיען.

„עס זיינען פאַראַן — שרייבט זשאָרזש זאַנד — אונ־גליקליכע זשעניען, וועמען עס פעהלט דער כח אויסצודריקען זאַכען, און זיי נעהמען זייערע געדאַנקען־אוצרות מיט אין קבר אריין, ווי עס האָט זיך אויסגעדריקט אַ מיטגליעד פון דער גרויסער פאַמיליע פון די באַריהמטע שטומע אָדער־שטאַמלער, זשעפראַוּא סענ־הילער". — דער אַלטער זשאַן־מישעל האָט געהערט צו דער פאַמיליע. ער האָט ניט געקאָנט זיך אויסדריקען ניט דורך מוזיק און ניט דורך ווערטער. און שטענדיג פלעגט ער זיך איינבילדען: איהם האָט זיך אַזוי געוואָלט ריידען, שרייבען, זיין אַ גרויסער מוזיקאַנט, אַ פלי־סיגער רעדנער! דאָס איז געווען זיין בעהאַלטענע וואונד; ער פלעגט מיט קיינעם ניט ריידען וועגען דעם; ער האָט עס זיך אַליין ניט מודה געווען; אבער, ניט ווילענדיג, פלעגט ער דערפון טראַכטען און עס פלעגט איהם גרויס עגמת נפש פערשאַפען.

אָרימער זקן! אין קיין זאַך האָט איהם זיך ניט איינגע־געבען צו זיין אינגאַנצען מיט זיך. ער האָט אין זיך געטראָגען

אזוי פיעל שענע און קרעפטיגע זאַט; אבער זיי האבען ניט אויפגעבליהט. א טיעפער, ריהרענדער גלויבען אין די ווער־דע פון קונסט, אין דעם מאָראַלישען ווערטה פון לעבען; אבער דאָס רוב האָט עס זיך אויסגעדריקט אויף אַן אויפגעבלאָזענעם לעכערליכען אופן. אזוי פיעל איי־דעלער שטאָלץ; און אין לעבען כמעט א שקלאַפישע בעוואונ־דערונג פאר די וואָס זיינען געשטאַנען העכער אין מעמד. אזא שטאַרקער פערלאַנג צו זיין אונאבהייננגיג; און אין דער ווירקליכקייט אזא פאַלשטענדיגע געהאַרכזאַמקייט. פרע־טענזיעס פון א שטאַרקען גייסט; און אלע אבערגלויבענס. בעגייסטערונג פאר העלדישקייט און אמת׳ע מוטה; און אזוי פיעל פחדנות! — א נאַטור, וואָס בלייבט שטעהן אויפ׳ן האַלבען וועג.

זשאַן־מישעל האָט אריבערגעטראַגען אלע זיינע האָפּע־
נונגען אויפ'ן זון; און מעלכיאָר האָט אין אָנהויב פערשפּראָ־
כען זיי צו ערפילען. פון קינדווייז אָן האָט ער ארויסגעווי־
זען גרויסע פעהיגקייטען צו מוזיק. ער האָט געלערנט מיט א
וואונדערבארער לייכטקייט און איז געוואָרען אזא קונציגער
פידעלשפּיעלער, דאָס ער איז געווען א לאנגע צייט דער ליעב־
לינג, כמעט דער אָבגאָט פון די הויפקאָנצערטען. ער האָט
אויך געשפּיעלט זעהר שעהן פּיאַנא און אויף אנדערע אינס־
טרומענטען. ער איז געווען א שעהנער רעדנער, גוט געבוים,
כאָטש אביסעל צו דיק, פון דעם זאָרט שעהנקייט, וועלכע
מען רופט אין דייטשלאנד קלאסישע: א ברייטער שטערן אָהן
אַן אויסדרוק, שטארקע, רעגעלמעסיגע געזיכטסציגע און א
געקרייזעלטער באָרד: א יופּיטער פון רהיין־ברעג. דער אל־
טער זשאַן־מישעל איז געווען גליקליך מיט זיין זוהן'ס ער־
פאָלג: ער, וועלכער האָט אויף קיין אינסטרומענט ניט געקאָנט
שפּיעלען ווי געהעריג, איז געקומען אין גרויס התפּעלות פון
דעם קינסלטערס גרויסע מאכט. זיכער איז, אז מעלכיאָר
האָט ניט געהאַט קיין שוועריגקייטען אויסצודריקען וואָס
ער האָט געטראַכט. דער אומגליק איז נאָר געווען, וואָס ער
האָט גאָר ניט געטראַכט און האָט זיך גאָר ניט געקימערט
וועגען דעם. ער האָט פּשוט געהאַט די נשמה פון א מיטעל־
מעסיגען קאָמעדיאַנט, וועלכער טחוט זיך אָן א כח זיין שטים
אויסצובילדען, זיך ניט קימערנדיג וועגען דעם, וואָס זי
דריקט אויס, אבער וועלכער קוקט פונדעסטוועגען מיט מורא

און פוסטער גאוה, וואס פאר אן איינדרוק זי מאכט אויפ׳ן פובליקום.

באזונדערס משונה׳דיג איז געווען, וואס, ניט קוקענדיג אויף זיין שטענדיגע זארג ארויסצוקומען פאר דער וועלט ווי עס דארף צו זיין און אויף זיין גרויס הכנעה פאר דאס, וואס איז אנגענומען אין דער געזעלשאפט, איז אין איהם, ווי אין זשאן-מישעל׳ן, שטענדיג געווען עפעס אזוינס, וואס פלעגט זיך ארויסכאפען פלוצלונג, עפעס אזוינס אהן א חשבון, א געוויסע טעמפּקייט, און וואס פלעגט מאכען זאגען די אלטע לייט, אז אלע קראפּטס זיינען אביסעל משוגע. אין אנהויב האט עס איהם קיין שאדען ניט געבראכט; עס האט אויס־געוויזען אז זיינע אונגעלומפּערטקייטען אליין זיינען א בעוויז, אז ער איז טאקי דער זשעניע, פאר וועמען מען האט איהם געהאלטען; ווארום מענשען מיט א געזונדען פארשטאנד פארשטעהן שוין ממילא, אז א קינסטלער דארף עס ניט האבען. דאך עס האט לאנג ניט געדויערט און מ׳האט אויסגעפונען דעם כאראקטער פון זיינע אונגעלומפּערטקיי־טען: זייער געוועהנליכער קוואל איז געווען די פלאש. ניטשע זאגט אפילו, אז דער גאט פון שכרות איז אויך דער גאט פון מוזיק און מעלכיאר׳ס אינסטינקט האט דאסזעלבע איהם אונטערגעזאגט; דאך אין דעם פאל האט זיין גאט זיך ארויס־געוויזען זעהר אונדאנקבאר צו איהם: ווייט דערפון איהם צוצוגעבען אידעען, וואס האבען איהם געפעהלט, האט עס אוועקגענומען ביי איהם אויך דאס ביסעל, וואס ער האט גע־האט. נאך זיין משוגענעם שדוך (משוגע אין די אויגען פון דער וועלט און דערפאר אויך אין זיינע אייגענע אויגען) האט ער זיך אין פלאש אלץ מעהר און מעהר ארייננעלאזען. ער האט פארנאכלעסיגט זיין שפּיעלען — זייענדיג אזוי זי־

כער, אז ער שטעהט העכער פאר די אנדערע. און ער האט אין א קורצער צייט ארום אין גאנצען פארלארען זיין גדלות. אנדערע קינסטלער האבען איהם איבערגעיאגט און איהם פארטריבען פון דער גונסט פון פובליקום: עס האט איהם וועה געטהאן, אבער אנשטאט אויפצואוועקען זיין ענערגיע האבען די מפלות נאך געהאלפען אוועקנעהמען ביי איהם דעם מוטה. ער האט זיך נוקם געוועזן דערמיט, וואס ער פלעגט מיט זיינע חברים אין שענק זידלען זיינע קאנקורענטען. אין זיין נארישער גאוה האט ער גערעכענט צו ווערען דער קאפעלמייסטער אויפ'ן פאטערס פלאץ. אן אנדערער האט די שטעל געקראגען. ער האט געגלויבט, אז ער ווערט פארפאלגט און האט אנגעצויגען א מינע פון א ניט אנערקענטען זשעניע. א דאנק דער אכטונג צום אלטען קראפט האט ער געקאנט אנהאלטען די שטעל פון א פידעל־שפיעלער אין ארקעסטער, ער האט אבער ביסלאכווייז פארלארען אלע זיינע שטונדען אין שטאדט. און ווי שטארק זיין גאוה האט געליטען פון דעם קלאפ, האט זיין קעשענע נאך מעהר געליטען. זייט עטליכע יאהרען שוין האבען די געלד־קוואלען פון זיין בעל־הבית'ישקייט דורך די קלעפ פון שיקזאל שטארק זיך פארקלענערט. נאכדעם ווי מען האט געוואוסט וואס עס איז אזוינס אמת'ער וואוילטאג, איז מען אראפגעזונקען צו נויטה, וועלכע איז געווארען גרעסער פון טאג צו טאג. מעלכיאר האט זיך ענטזאגט עס צו באמערקען און ער האט אויסגעגעבען ניט איין גראשען וועניגער אויף זיינע קליידער און זיינע פארגניגענס.

ער איז ניט געוועזן קיין שלעכטער מענש; אבער ער איז געוועזן א האלב גוטער, וואס דאס איז פיליייכט נאך ערגער: שוואך, אהן וועלכע עס איז ענערגיע, אהן מאראלישע קראפט

און דערצו נאָך זיך האַלטענדיג פאַר א גוטען פּאַטער, גוטען זוהן, גוטען מאַן און א גוטען מענש; פיליכט איז ער עס טאַקי געווען, אויב פאַר דעם איז גענוג א גאַנץ וואַלוועלע גוטסקייט, און יענע טהיערישע צוגעבונדענקייט, וואָס מאַכט ליעבען די אייגענע ווי א טהייל פון זיך אליין. קיינער האָט אפילו ניט געקאָנט זאָגען, אז ער איז א גרויסער עגאָאיסט: פאַר דעם איז ער ניט געווען גענוג פערזענליכקייט. ער איז געווען א גאָר נישט. עפּעס שרעקליכעס ליעגט אין לעבען פון יענע מענשען, וואָס זיינען גאָר נישט. ווי אן אונ־בעוועגליכע משא, וואָס מען לאָזט איבער אין דער לופט, האָ־בען זיי די שטרעבונג צו פאַלען, און זיי שלעפּען מיט זיך מיט אלץ וואָס איז מיט זיי.

געראַדע דאַמאָלט, ווען די לאַגע פון דער פאַמיליע איז געווען אַם שווערסטען, האָט דער קליינער קריסטאָף אָנגע־הויבען צו פאַרשטעהן, וואָס עס קומט פאַר ארום איהם.

ער איז שוין מעהר ניט געווען קיין בן־יחיד. מעל־כיאָר פלעגט יעדען יאָהר מאַכען זיין ווייב האָבען אַ קינד ניט זאָרגענדיג וועגען דעם, וואָס עס וועט פון זיי ווערען שפּעטער. צוויי זיינען געשטאָרבען גאָר יונגערהייט. אַנדערע צוויי זיינען אַלט געווען דריי און פיער יאָהר. מעלכיאָר פלעגט קיין מאָל מיט זיי זיך ניט פאַרנעהמען. און לואיזע, ווען זי פלעגט דאַרפען אַוועקגעהן, פלעגט זיי אָנטרויען קריסטאָף׳ן, וועלכער איז דאַמאָלט אַלט געווען זעקס יאָהר.

דאָס האָט קריסטאָף׳ן ניט ווייניג געקאָסט, ווארום ער פלעגט צוליעב אָט דער פליכט זיך מוזען ענטזאָגען פון די שעהנע נאָכמיטאָגען אין די פעלדער. אָבער זייענדיג שטאָלץ דערמיט, וואָס מען בעהאַנדעלט איהם ווי אַ מאַן, פלעגט ער ערנסט זיך נעהמען פאַר זיין אויפגאַבע. ער האָט געזוכט אויפ׳ן בעסטען אופן צו אונטערהאַלטען די קליינע, ווייזענ־דיג זיי זיינע אייגענע שפּיעלצייג; ער האָט זיך באַמיהט צו ריידען מיט זיי אַזוי ווי ער האָט געהערט די מוטער פּלוי־דערנדיג מיט זיי. אָדער ער האָט אַרומגעטראָגען איינעם נאָך דעם צווייטען אויף די הענד, ווי ער האָט געזעהן אַנדע־רע עס טהוענדיג. ער האָט זיך געדרעהט אונטער דער משא, אָבער ער האָט צוזאַמענגעקוועטשט די ציינער און צוגע־דריקט דעם קליינעם ברודערל צום ברוסט, ער זאָל ניט אַראָב־פאַלען .די קליינע האָבען שטענדיג געוואָלט, מען זאָל זיי

טראָגען; זיי פלעגען קיינמאָל ניט פערמאַטערט ווערען דער־
פון; און ווען קריסטאָף פלעגט שוין מעהר ניט קענען, פלע־
גען זיי וויינען אָהן אַ סוף. זיי האָבען איהם ניט ווייניג עגמת־
נפש פארשאַפט; און עס איז איהם אָפטמאָל געווען גאַנץ
שווערליך. זיי זיינען געווען גאַנץ שמוציג און האָבען זיך
גענויטיגט אין דער זאָרג פון אַ מוטער. קריסטאָף האָט ניט
געוואוסט וואָס צו טהאָן. זיי האָבען איהם מיסברויכט. צייט־
טענווייז האָט ער געהאַט אַ פערלאַנג זיי אנצופּאַטשען, אָבער
ער האָט געטראַכט: „זיי זיינען קליין, זיי פארשטעהען ניט.“
און ער פלעגט גרויסמוטהיג זיך לאָזען קנייפּען, שלאָגען און
מאַטערן. ערנסט פלעגט יאָמערן פון גאָר גישט; ער פלעגט
טראַמפּלען מיט די פיס און זיך קייקלען פון כעס; ער איז
געווען אַ נערוועזעס קינד און לואיזע האָט געגעבען קריס־
טאָף'ן אַן עצה זיך ניט צו שטעלען געגען זיינע קאַפּריזען;
וואָס איז שייך רודאָלף'ן איז ער געווען בייז, ווי אַן אבעזיאַ־
נע; אז קריסטאָף פלעגט טראָגען ערנסטען אויף די הענד,
פלעגט ער דערווייל הינטער זיין רוקען אבשפּילען אלערליי
שפּיצלאַך: צוברעכען די צאַצקעס, אויסגיסען די וואַסער,
פאַרפּאַטשקענען די קליידלאַך און זיך אזוי לאַנג ארום דרע־
הען ארום שאַף, ביז די שיסלען פלעגען ארונטערפאַלען.

און ווען לואיזא פלעגט קומען צוריק, פלעגט זי, אנ־
שטאָט קריסטאָף'ן צו לויבען, איהם זאָגען אָהן בייזקייט,
אָבער מיט אַ פערדראָס זיך צוקוקענדיג צום גאַנצען חורבן:

„מיין אָרים קינד, דו ביזט ניט זעהר געראָטען.“

קריסטאָף פלעגט זיך פיהלען שטאַרק געקרייִנקט און
זיין הארץ פלעגט פול ווערען.

לואיזע, וועלכע האָט ניט דורכגעלאָזען קיין איין געלע־
גענהייט וואו זי האָט נאָר געקענט פאַרדיענען א גראָשען,
פלעגט זיך פאַרדינגען פאַר א קעכין ביי אויסערגעוועהנ־
ליכע געשעהענישען ווי א חתונה אָדער א מזל טוב.

מעלכיאָר האָט זיך געמאַכט גאָר ניט וויסענדיג דערפון.
עס האָט אביסעל אָנגערירט זיין כבוד, אָבער בייז איז ער
ניט געווען פאַר וואָס עס האָט זיך אזוי געמאַכט, כל זמן ער
האָט עס ניט געזעהן.

דער קליינער קריסטאָף האָט נאָך גאָר ניט געוואוסט
פון די צרות פון לעבען. די איינציגע גרענעצען פאַר זיין
פרייען ווילען איז געווען דער ווילען פון זיינע עלטערן. דאָך
שטאַרק אין וועג זיינען זיי איהם ניט געשטאַנען. ווייל זיי
האָבען איהם אין אַלגעמיין געלאָזען געהן זיין וועג. זיין איינ־
ציגער וואונש איז געווען, גרויס צו ווערן, כדי צו טהאָן אַלעס
וואָס ער וויל. ער האָט קיין בעגריעף ניט געהאַט וועגען די
שטערונגען וואָס שטעהן אין וועג ביי יעדען קעהר. ער האָט
אויך קיין אהנונג ניט געהאַט דערפון, אז זיינע עלטערן גופא
זיינען ניט קיין פולע בעל־הביתים איבער זיך אליין.

אין דעם טאָג ווען ער האָט זיך צום ערשטען מאָל דער־
וואוסט, אז עס זיינען דאָ צווישען מענשען אזעלכע וואָס
הערשען און אנדערע וואָס מוזען פאָלגען, און אז זיינע על־
טערן געהערן ניט צו די ערשטע, האָט קריסטאָף'ס גאַנצע
נשמה זיך אויפגערודערט.

דאָס איז געווען זיין ערשטער קריזיס אין לעבען.

דאָס האָט פּאַסירט אין א נאָכמיטאָג. די מוטער האָט

איהם אויסגעפוצט אין דעם רייגסטען אנצוג. — עס איז געווען א געשאנקענער בגד, וועלכען לואיזע האט מיט איהר אויסערגעוועהנליכע געדולד און ארבייט אזוי אויספאַריכט, אז עס זאל האבען א שטיקעל פּנים, און ער איז אוועק צו איהר, ווי זיי האבען אבגעמאכט, אין הויז וואו זי האט געארבייט. ער האט זיך געשעמט אליין אריינצוגעהן. א דיענער, וואס האט זיך ארומגעדרעהט אויפ'ן גאניק, איז צוגעגאנגען צום קליינעם און א פרעג געטהאן מיט א פריינדליכען טאן: וואס ער דארף דא.

קריסטאף איז רויט געווארען און גענומען שטאמלען. ער איז געקומען זעהן „פרוי קראפט", ווי זי האט איהם אנגעזאגט צו ענטפערן.

„פרוי קראפט?" וואס ווילסטו פון פרוי קראפט? — האט דער דיענער א פרעג געטהאן, בעטאנענדיג איראניש דאס ווארט „פרוי" — „דיין מאמע? געה ארונטער און דו וועסט געפינען לואיזען אין קיך אין ענד פון קארידאר."

קריסטאף איז געווארען נאך רויטער. ער האט זיך געשעמט וואס מען רופט זיין מוטער אזוי היימיש „לואיזע". דאס האט איהם בעליידיגט.

ער וואלט גאר אנטלאפען פון דאנען צו זיין ליעבען טייך, דארט אונטער דעם שאטען פון קוסטעס, וואו ער פלעגט זיך דערצעהלען מעשה'לעך.

אין קיך איז ער אריינגעלאפען. צווישען די איבעריגע דיענסטען, וועלכע האבען איהם באגעגענט מיט לארמדיגע בעגריסונגען, הינטען לעבען אויווען, איז געשטאנען זיין מוטער און צערטליך געשמייכעלט צו איהם. ער האט זיך צו איהר א לאז געטהאן און זיך בעהאלטען אין איהר קלייד. זי האט געטראגען א ווייסען פארטוך און געהאלטען א הילצער־

נע לעפעל אין האנד. נאָך מעהר צוטומעלט איז ער געוואָרען ווען די מוטער האָט געפּרובירט אויפהויבען זיין מאָרדעצקע, כדי מען זאָל קענען אָנקוקען גוט זיין פּנים'ל. און זי האָט איהם געהייסען יעדען איינעם דערלאַנגען די האנד און זאָגען „גוטען טאָג". דאָס האָט ער ניט געוואָלט. ער האָט זיך אומגעדרעהט צום וואנד און בעהאַלטען דעם קאָפּ אין די הענד. ביסלעכווייז האָט ער געקראָגען מוטה און האָט שטילערהייט גענומען וואַרפען בלישצענדיגע און לאַכענדיגע בליקען ביז אימיצער פלעגט דערזעהן. דאמאלט פלעגט ער זיך ווידער בעהאַלטען. פון זיין באַהעלטעניש האָט ער בעטראַכט די מענשען ארום זיך. זיין מוטער האָט אויסגעזעהן זעהר פארטהאָן און וויכטיג. ער האָט איהר אַזוי ניט געקענט. זי איז אַרומגעגאַנגען פון איין פאַן צו דער צווייטער, פאַרזורגענדיג, געבענדיג עצות מיט אַ זיכערער שטים און ארויסגעבענדיג רעצעפּטען, צו וועלכען די הויז־קעכין האָט מיט גרויס רעספּעקט זיך צוגעהערט. דער קליינער האָט אָנגעקוואָלען פון שטאָלץ, זעהענדיג ווי הויך זיין מוטער ווערט דאָ געאַכט און וואָס פאַר אַ ראָליע זי שפּיעלט אין אָט דעם אויסגעפּוצטען צימער מיט פּרעכטיגע כלים פון גאָלד־בלישצענדיגען קופער.

פּלוצלונג איז דאָס געשפּרעך אַנטשוויגען געוואָרען. די טיהר האָט זיך געעפענט. אַ דאמע איז אריין מיט אַ גערויש פון איהר זיידענע קלייד. זי האָט זיך פערדעכטיג ארומגעקוקט. זי איז ניט מעהר יונג געווען. פון דעסטוועגען האָט זי געטראָגען אַ העלע זיידענע קלייד מיט ברייטע ארבעל. איהר שלעפּע האָט זי געהאַלטען אין האנד, כדי ניט איינצושמירען. דאָך האָט איהר דאָס ניט אָבגעהאַלטען פון צו געהן צום אויווען, זיך צוקוקען צו די געריכטען און אפילו איינינע מאכלים

פארזוכען. ווען זי האָט אביסעל אויפגעהויבען די האנד, איז דער ארבעל אראָבגעפאלען און די האנד איז גע־בליעבען א הוילע ביז'ן עלענבויגען. קריסטאָף האָט עס גע־האלטען פאר זעהר מיאוס און ניט פּאסיג. ווי טרוקען און אָבגעריסען האָט זי גערעדט צו לואיזען און מיט וואָס פאר אן אונטערטהעניגקייט לואיזע האָט עס איהר געענטפערט.

קריסטאָף'ן האָט עס שטארק איבערראשט. ער האָט זיך בעהאלטען אין זיין ווינקעל, מען זאָל איהם ניט זעהן. עס האָט אבער ניט געהאָלפען.

די דאמע האָט א פרעג געטהאָן, ווער דער קליינער איז. לואיזע האָט איהם א כאַפּ געטהאָן און איהם פאָרגעשטעלט. זי האָט איהם צוגעהאלטען פאר די הענד, כדי ער זאָל ניט בעהאלטען דעם פּנים. און כאָטש איהם האָט זיך געוואָלט ארויסרייסען און אנטלויפען, האָט ער געפיהלט אינסטינקטיוו אז דעם מאָל טאָר ער זיך ניט שטעלען אנטקעגען.

די דאמע האָט זיך צוגעקוקט צום צושראָקענעם פּנימ'ל. איהר ערשטע בעוועגונג איז געווען א פריינדליכער און מור־טערליכער שמייכעל צו איהם. באלד אבער האָט זי ווידער ארויפגעצויגען איהר בעל־הבית'שע מינע און האָט גענומען אויספרעגען דעם קליינעם: ווי ער פיהרט זיך אויף, צי ער פאָלגט טאַטע מאמע? פראגען אויף וועלכע דער קליינער האָט ניט געענטפערט. זי האָט זיך צוגעקוקט, צי דער אנצוג פּאַסט איהם, און לואיזע האָט זיך געפּלייסט איהר צו פאר־זיכערן, אז עס איז אויסגעצייכענט. זי האָט געצויגען דעם רעקיל פון די זייטען, כדי אויסצוגלייכען די קנייטשען. קריסטאָף האָט געוואָלט אויסשרייען, אז דער אנצוג איז צו שמאָל. ער האָט ניט פערשטאַנען, פאר וואָס די מאמע דאנקט איהר אזוי שטארק.

די דאַמע האָט איהם גענומען פאַר'ן האַנד און געזאָגט, אַז זי וויל איהם פיהרען צו איהרע קינדער.

קריסטאָף האָט געוואָרפען פערצווייפעלטע בליקען אויף דער מוטער, אָבער יענע האָט אַזוי אונטערטעניג געשמייכעלט צו דער דאַמע, אַז ער האָט גלייך פאַרשטאַנען דאָס פון איהר קען ער קיין הילף ניט ערוואַרטען. ער איז געגאַנגען נאָך זיין פיהרערין ווי אַ שעפּסל וועלכען מען פיהרט אין שלאַכט־הויז.

זיי זיינען אַריין אין אַ גאָרטען, וואו צוויי אָנגעכמורע־טע קינדער, אַ מיידעל און אַ אינגעל, כמעט אין קריסטאָף'ס יאָהרען, זיינען געשטאַנען אָנגעבלאָזען איינע אויף די אַנ־דערע. קריסטאָף'ס אַריינקומען האָט געבראַכט אַן ענדע־רונג. זיי זיינען צוגעגאַנגען נעהענטער אום דעם נייעם גאַסט צו בעטראַכטען. קריסטאָף, פאַרלאָזען פון דער דאַמע צווישען די צוויי קינדער, איז געבליבען שטעהן ווי אַ צוגעוואַקסענער אין דער אַלעע, ניט האָבענדיג דעם מוטה אויפצוהויבען די אויגען. די אַנדערע צוויי, אויך זיך ניט רירענדיג פון אָרט, אַ פּאָר שריט ווייטער, האָבען איהם באַקוקט פון קאָפּ ביז די פיס, האָבען געשטורכעט איינע די אַנדערע מיט די עלענבויגענס און איראָניש געשמייכעלט. סוף כל סוף האָבען זיי זיך אויף עפּעס בעשלאָסען. זיי האָבען איהם געפרעגט, ווער ער איז, פון וואַנענט ער קומט און וואָס זיין פאָטער טוט. קריס־טאָף, אַ פערשטיינערטער, האָט גאָר ניט געענטפערט: ער איז געווען צושראָקען ביז צו טרערען, איבערהויפּט פון דער קליינער, וועלכע האָט געהאַט אַ בלאָנדען צאָפּ, אַ קורצע קליידעל און נאַקעטע פיס.

זיי האָבען אָנגעהויבען זיך צו שפּילען. ווען קריסטאָף האָט זיך גענומען אַביסעל בערוהיגען, האָט דער קליינער

פריץ׳ל פלוצלונג זיך אבגעשטעלט לעבען איהם און, אנריה־רענדיג דעם אנצוג, האט ער געזאגט:

„זעה נאר, דאס איז דאך מיינער!“

קריסטאף האט גאר ניט פארשטאנען. בעליידיגט פון דער פרעטענזיע, אז זיינער אן אנצוג געהערט גאר אן אנ־דערן, האט ער ענערגיש געשאקעלט מיט׳ן קאפ אויף ניין.

— „איך מיין, אז איך וועל עס דאך דערקענען“ — האט דער קליינער געזאגט. — „עס איז מיין אלטער בלויער אנצוג, ער האט נאך דא א פלעק“. און ער האט מיט׳ן פינגער אנגעוויזען וואו. נאכדעם איז ער ווייטער אנגעגאנ־גען מיט זיין אינספעקציע, האט ארומגעקוקט קריסטאף׳ס פיס און האט געפרעגט: פון וואס, אייגענטליך, זיינען גע־מאכט געווארען די לאטעס פון זיינע פעררינכטע שיך.

קריסטאף איז געווארען שטארק רויט. די מיידעלע האט זיך אנגעבלאזען און עפעס ארייגעשושקעט דעם ברודער אין אויער אריין. — קריסטאף האט געהערט וואס — אז ער איז א קליינער ארעמאן!

דאס האט קריסטאף ניט געקענט פארשווייגען. ער האט געמיינט, אז ער וועט קענען די בעליידיגענדע מיינונג צע־שמעטערען און, ארויסשטאמלענדיג מיט א פארשטיקטער שטים, האט ער געזאגט, דאס ער איז א זוהן פון מעלכיאר קראפט, און אז זיין מוטער איז לואיזע די קעכין. איהם האט זיך אויסגעדוכט, אז דער טיטול איז פונקט אזוי שעהן ווי יעדער אנדערער און ער איז געווען גאנץ גערעכט. אבער ביי די אנדערע צוויי קליינע, וואס האבען זיך פאראינטערעסירט מיט דער נייעס, איז ער דורך דעם ניט געשטיגען אין אכ־טונג. זיי האבען גאר, פארקעהרט, אנגענומען דעם טאן פון בעשיצער און איהם געפרעגט, וואס וועט ער טהאן שפעטער?

צי ער וועט אויך ווערען א קוכער אָדער א קוטשער?

קריסטאָף האָט ווידער פארלאָרען דעם לשון. ער האָט געפיהלט ווי א פראָסט איז איהם דורכגעגאנגען דורכ'ן הארצען.

ערמוטיגט דורך זיין שווייגען, האָבען דיביידע יונגע גבירים'לעך, וועלכע האָבען מיט איין מאָל דערפיהלט צום קליינעם אָרימען א שטארקע, זינלאָזע, קינדערשע אנטיפּאַטיע, אָנגעהויבען זוכען מיטלען ווי איהם צו מאַטערן. די מיידעל איז געווען בעזונדערס אויפגעבראַכט. זי האָט בעמערקט אז קריסטאָפ'ען קומט אָן שווער צו לויפען צוליעב זיינע איינגע קליידער, און איז געפאלען אויף א כיטרעם געדאנק איהם צו מאכען שפּרינגען איבער באַריערן.

זיי האָבען אויפגעשטעלט א באַריער פון א קליינע באנק, און האָבען געפאָדערט אז קריסטאָף זאָל אריבער־שפּרינגען.

דער אונגליקליכער אינגעל האָט ניט געוואגט צו זאָגען וואָס עס שטערט איהם צו שפּרינגען. ער האָט צוזאַמענגע־נומען זיינע כוחות, האָט זיך א הויב געטהאָן און האָט זיך אויסגעצויגען אויף דער ערד ווי גרויס ער איז געווען.

ארום איהם האָט מען זיך געקייכט לאַכענדיג. ער האָט געמוזט ווידער אָנהויבען פון דאָס ניי. מיט אויגען פול מיט טרערען האָט ער אָנגעשטרענגט אַלע כוחות און איז דעם מאָל אריבערגעשפּרונגען. דאָס איז ניט געווען גענוג פאַר זיינע פּייניגער, וועלכע האָבען בעשלאָסען, אז דער באַריער איז צו נידריג און זיי האָבען גענומען ארויפשטעלען נאָך זאכען, אזוי אז ער האָט געמוזט זיכער ברעכען האלז און גניק. קריסטאָף האָט געפּרובירט פּראָטעסטירען. ער האָט ערקלערט, אז ער וועט מעהר ניט שפּרינגען. די מיידעלע

האָט איהם אָנגערופען טרוס, און געזאָגט אז ער האָט מורא. קריסטאָף האָט עס ניט געקענט אריבערטראָגען, און כאָטש ער איז געווען זיכער, אז ער וועט פאַלען, איז ער געשפרונ־גען און איז געפאַלען. זיינע פיס האָבען זיך פארטשעפּעט אָן באַריער און אַלעס איז מיט איהם מיטגעפאַלען. ער האָט ביז בלוט צעריסען די הענד און שיער ניט צושפּאַלטען דעם קאָפּ. און צום גרעסטען אונגליק האָבען זיינע הויזען געפּלאַצט אויף די קניע און אין אנדערע ערטער. די שאַנדע האָט איהם קראַנק געמאַכט.

ער האָט געהערט ווי ביידע קינדער האָבען פון נחת ארומגעטאַנצט ארום איהם. ער האָט שרעקליך געליטען. ער האָט געפיהלט, אז זיי פעראַכטען איהם און זיי האַסען איהם. פאַר וואָס? פאַר וואָס? ער האָט געוואָלט שטאַרבען!

עס איז ניטאָ קיין שרעקליבערער ווייטאָג ווי דער פון א קינד, וואָס האָט צום ערשטען מאָל אויסגעפונען די שלעכטסקייט פון אנדערע. ער גלויבט דאַן, אז די גאַנצע וועלט פערפאָלגט איהם, און אז עס איז קיין זאַך ניטאָ, וואָס זאָל איהם העלפען. גאָר ניט, גאָר ניט מעהר!

קריסטאָף האָט געפּרובירט זיך אויפהויבען. דער קליי־נער אינגעל האָט איהם צוריק א שטופּ געטהאָן און ער איז ווידער געפאַלען. די מיידעל האָט איהם גענומען בריקענען מיט די פיס. ווען ער האָט ווידער געוואָלט אויפשטעהן, האָבען זיי זיך ארויפגעזעצט ביי איהם אויפ'ן רוקען און צוגעדריקט זיין פּנים צו דער ערד. דאָ איז א צאָרן איהם בעפאַלען. דאָס איז שוין געווען צופיעל פאַר איהם! זיינע ברענענדיגע גע־שוואָלענע הענד, זיין צוריסענער שעהנער אנצוג — אזא אונ־גליק פאַר איהם — די שאַנדע, דער ווייטאָג און דער פּראָ־טעסט געגען די אונגערעכטיגקייט, אזוי פיעל אונגליקען מיט

איין מאָל האָבען איהם אריינגעבראכט אין א ווילדען צאָרן. ער האָט זיך אויפגעהויבען אויף די הענד און קניע, האָט זיך אזוי א הינטעל גענומען טרייסלען אזוי, אז זיינע ביידע פער־פאָלגער זיינען אראָפּגעפאלען איינע אויף די אנדערע, און ווען זיי האָבען נאָך אמאָל מיט איהם זיך אָנגעהויבען, האָט ער מיט אן איינגעבויגענעם קאָפּ זיך א לאָז געטהאָן און אראָבגעלאָזען א פאטש דער מיידעלע און מיט א געזונדען זעץ א שליידער געטהאָן דעם אינגעל אויף א בייט פון בלו־מען.

עס איז געוואָרען א יללה. מיט שארפע געשרייען זיי־נען די קינדער אוועקגעלאָפען אין הויז. מען האָט געהערט טהירען קלאפּען און בייזע געשרייען. די דאמע איז געקו־מען צו לויפען אזוי שנעל ווי איהר שלעפּע האָט נאָר דער־לאָזען. קריסטאָף האָט געזעהן ווי זי קומט און האָט אפילו ניט פּרובירט אנטלויפען. ער איז געווען אויסער זיך פון דעם וואָס ער האָט אָבגעטהאָן... עס איז געווען אן אונערהערטע זאך, א פערברעכען. אבער ער האָט קיין חרטה ניט געהאט. ער האָט געווארט. ער איז געווען פארלאָרען. עס איז גוט אזוי, ער איז געטריבען געוואָרען צו פערצווייפלונג.

די דאמע האָט זיך ארויפגעווארפען אויף איהם, ער האָט געפיהלט ווי זי שלאָגט איהם. ער האָט געהערט ווי זי רעדט מיט א צארנדיגען קול א ים מיט ווערטער. ער האָט אבער גאָר ניט געקענט פערשטעהן א וואָרט. זיינע בייזע קליינע שונאים זיינען געקומען צוריק צוצוזעהן זיין שאנדע. זיי האָבען געשריען שוידערליך. דיענסטען זיינען געקומען, עס האָט זיך געהערט א מיש מאש פון שטימען. צו מאכען זיין מפּלה פאר פול, איז אויך לואיזע געקומען, וועלכע מען האָט גערופען. און אנשטאָט איהם צו בעשיצען, האָט זי אויך

איהם אנגעהויבען שלאגען, איידער זי האט נאך געוואוסט וואס עס איז געשעהן און געוואלט ער זאל זיך ענטשולדיגען. דאס האט ער זיך ענטזאגט צו טהאן. זי האט איהם גענומען טרייסלען און שלעפען פאר'ן האנד צו דער דאמע און צו די קינדער, ער זאל זיך פאר זיי שטעלען אויף די קניע. ער האט געטופעט מיט די פיס, געשריען און האט א ביס געטהאן דער מוטער אין האנד.

ענדליך האט ער זיך געראטעוועט צווישען די לאכענ־דיגע דיענסטען.

ער איז אוועק. זיין הארץ האט געקלאפט שרעקליך. זיין געזיכט האט געברענט פון כעס און פון די פעטש וואס ער האט געקראגען. ער האט פון קיין זאך ניט געטראכט. ער האט פארקלענערט זיינע טריט, ווייל ער האט ניט געוואלט וויי־נען אין גאס. ער האט געוואלט זיין אין דער היים און זיך דארט אויסוויינען.

עס האט איהם געשטיקט אין האלז און די בלוט האט געקלאפט אין קאפ ווי עס וואלט געהאלטען ביים פלאצען.

ענדליך איז ער געקומען אהיים. ער איז ארויפגעלא־פען אויף די אלטע שווארצע טרעפ צו זיין ווינקעל ביים פענסטער איבער'ן טייך. ער האט זיך אווארף געטהאן און א גאס געטהאן מיט א ים פון טרעהרען. ער האט אליין ניט געוואוסט קלאהר, פאר וואס ער וויינט. ער האט אבער גע־פיהלט, אז ער מוז וויינען. און ווען דער ערשטער שטראם איז פאריבער, האט ער נאך אלץ געוויינט, ווייל ער האט געוואלט וויינען. ער האט געוואלט מיט דעם זיך אליין אנ־טהאן יסורים, אזוי ווי ער וואלט דורך דעם געקענט וועה טהאן די אנדערע ווי זיך אליין. דאן האט ער זיך דערמאנט, אז זיין פאטער וועט באלד קומען און אז די מוטער וועט

איהם אַלץ דערצעהלען און אַז צו זיינע צרות איז נאָך אַלץ קיין סוף ניטאָ.

ער האָט בעשלאָסען צו אַנטלויפען, גאַנץ גלייך וואוהין, אַבי מעהר קיין מאָל ניט צוריק צו קומען. גראַדע אין דעם אויגענבליק, ווען ער איז אַרונטערגעגאַנגען, האָט ער זיך אַנגעשטויסען אָן זיין פאָטער, וואָס איז אַקאָרשט אַהיים געקומען.

— „וואָס טהוסטו דאָ, יונגאַטש איינער? וואוהין קלייבסטו זיך“? — האָט מעלכיאָר איהם אַ פרעג געטהאָן.

ער האָט גאָר ניט געענטפערט.

„דו האָסט שוין עפּעס אַ שפּיצעל אָבגעטהאָן? וואָס האָסטו אָבגעטהאָן?“

קריסטאָף האָט עקשנות'דיג געשוויגען.

„וואָס האָסטו געטהאָן?“ — האָט מעלכיאָר איבער־גע'חזר'ט — „ווילסטו מיר ענטפערן.“

דאָס קינד האָט אָנגעהויבען צו וויינען, מעלכיאָר צו שריי־ען, איינער העכער פאַר'ן אַנדערן, ביז זיי האָבען דערהערט לואיזעס איילענדיגע טריט, לויפענדיג אויף די טרעפּ. זי איז געווען זעהר אויפגערעגט. זי האָט אָנגעהויבען מיט שטאַרקע פאָרווירפע, דורכגעמישט מיט פּעטש. גלייך איז מעל־כיאָר אויך צוגעשטאַנען, ווי נאָר ער האָט פערשטאַנען, און וואַרשיינליך נאָך פריהער, וועגען וואָס עס האַנדעלט זיך. מיט קלעפּ דורך וועלכע ער וואָלט געקאָנט אַן אָקס דער־הרג'ענען. ביידע האָבען געשריען און דאָס קינד האָט געיאָ־מערט. געענדיגט האָבען זיי דערמיט, וואָס זיי האָבען ביידע מיט דעם זעלבען כעס זיך גענומען קריגען. שלאָגענדיג דאָס קינד, האָט מעלכיאָר גע'טענה'ט, אַז גערעכט איז דער קליי־נער און אַז אַזוינע זאַכען קען מען ערוואַרטען, ווען מען געהט

דיענען צו אזוינע לייט, וואס מיינען אז ווייל זיי האבען געלט, קענען זיי זיך אלץ ערלויבען. לואיזע, שלאגענדיג פון איהר זייט דאס קינד, האט געשריען אויפ'ן מאן, אז ער איז אן אונמענש, אז זי וועט איהם קיין מאל ניט ערלויבען אנ־צוריהרען דאס קינד, ווייל ער האט איהם געממית'ט. און אין אמת'ן האט ביי קריסטאפ'ן גערונען אביסעל בלוט פון נאז, אבער דאס האט דעם קליינעם ווייניג וואס געארט, און ער איז גאר ניט דאנקבאר געווען דער מוטער, וואס זי האט מיט א נאסען טיכעל עס גראב אבגעהאלטען, ווייל זי האט אלץ ניט אויפגעהערט איהם זידלען. צום סוף האט מען איהם ארייגעשטופט אין א פינסטערן קאמער און פארשפארט אהן עסען.

ער האט געהערט ווי די עלטערן רייסען זיך ארום. ער האט אליין ניט געוואוסט וועמען פון זיי ער האסט מעהר. עס האט זיך איהם אויסגעדוכט, אז ער האסט מעהר די מוטער, ווארום פון איהר האט ער קיין מאל ניט ערווארטעט אזא שלעכטסקייט. די אונגליקען פון טאג האבען מיט אמאל איהם צודריקט. אלץ וואס ער האט זיך אנגעליטען, די אונ־גערעכטיגקייט פון די קינדער, די אונגערעכטיגקייט פון דער דאמע, די אונגערעכטיגקייט פון זיינע עלטערן, און — ער האט געפיהלט ווי אן אפענע וואונד, אליין ניט וויסענדיג פאר וואס, די ערנידערונג וואס זיינע עלטערן, מיט וועלכע ער האט אזוי געשטאלצירט, האבען ארויסגעוויזען פאר יענע שלעכטע, געמיינע מענשען.

אט די פיינהייט פון וועלכע ער האט צום ערשטען מאל זיך דערוואוסט, האט איהם אויסגעוויזען געמיין. אלץ איז אין איהם געווארען צורודערט: די אכטונג פאר זיינע איי־גענע, דער רעליגיעזער רעספעקט וואס זיי פלעגען אין איהם

ערהוועקען, זיין פערטרויען אין לעבען, זיין נאאיווע בעדירפ־ נים אנדערע צו ליעבען אום אליין פון זיי געליעבט צו ווע־ רען, זיין מאָראלישער גלויבען, א בלינדער, אָבער אן אבסאָ־ לוטער. עס איז געווען אן אמת'ער חורבן. ער איז געוואָרען צודריקט פון א ברוטאלע מאכט, ניט האָבענדיג קיין מעג־ ליכקייט זיך צו פערטיידיגען, צו אנטלויפען דערפון. עס האָט איהם געשטיקט. ער האָט געמיינט, אז אָט שטאַרבט ער.

זיין גאנצער קערפער האָט זיך אָנגעשטרענגט אין א פערצווייפעלטען פראָטעסט. ער האָט געקלאַפּט אין וואנד מיט די קולאקעס, מיט די פיס, מיט'ן קאָפּ. ער האָט געשריען און איז אנידערגעפאלען אויף דער ערד, זיך אָבשלאָגענדיג אָן די מעבעל.

זיינע עלטערן זיינען געקומען צו לויפען, איהם געכאַפּט אין די אָרעמס. איצט האָט יעדער איינער געוואָלט ארויסווייזען וואָס מעהר צערטליכקייט. זיין מוטער האָט איהם אויסגעטהאָן און אוועקגעלעגט אין בעט. און אליין זיך אוועקגעזעצט ביי איהם צוקאָפּענס, ביז ער וועט זיך בערוהיגען. ער האָט זיך ניט געריהרט. ער האָט איהר ניט מוחל געווען, און זיך געמאכט שלאָפענדיג, כדי איהר ניט דארפען א קוש טהאָן. זיין מוטער איז אין זיינע אויגען געווען שלעכט און פייג. ער האָט ניט געוואוסט, וואָס זי האָט געהאט אויסצושטעהן אום צו מאכען א לעבען פאר זיך און פאר איהם.

נאָכדעם ווי ער האָט אויסגעוויינט דעם גאנצען זאַפּאַס טרעהרען, וואָס עס געפינט זיך אין די אויגען פון א קינד, האָט ער זיך געפיהלט אביסעל לייכטער. ער איז געווען מיעד און צובראָכען. אבער זיינע נערוועו זיינען געווען צופיעל אָנגעשטרענגט צו קענען איינשלאָפען. די נאָר וואָס איבערגעלעבטע בילדער האָבען אויף דאָס ניי זיך פארבייגעטראָ־

נען פאר איהם אין זיין האלב־בעטויבטען צושטאנד. איבער־הויפט האט ער ווידער געזעהן די קליינע מיידעל מיט איהרע בלישצענדע אויגען, מיט דעם פאריסענעם נעזעל, מיט די האר איבער די אקסלען, מיט די נאקעטע פיס, און מיט איהר קינדערשער געפערלטער שפראך. עס האט איהם געשווידערט ווען ער האט זיך פארגעשטעלט, אז ער הערט וויעדער איהר שטים. ער האט זיך דערמאנט ווי נאריש ער האט זיך גע־האלטען געגען איהר און ער האט דערפיהלט א ווילדען האס צו איהר. ער האט איהר ניט געקאנט מוחל זיין פאר וואס זי האט איהם אזוי ערנידעריגט. און אין איהם האט זיך ער־וועקט א פערלאנג איהר אויך אזוי צו ערנידעריגען און צו מאכען וויינען. ער האט געזוכט מיטלען ווי עס אויסצופיה־רען, אבער ער האט קיין זאך ניט געקענט געפינען.

עס האט ניט אויסגעזעהן, אז זי זאל זיך ווען עס איז מיט איהם אינטערעסירען. אבער אום זיך לייכטער צו מא־כען, האט ער זיך איינגערעדט, אז אלץ וועט זיין אזוי ווי ער וויל. ער האט זיך פארגעשטעלט אז ער איז א גרויסער, מעכ־טיגער, בעריהמטער מאן, און ער האט בעשלאסען, אז זי דארף זיך אין איהם פארליעבען. דאן האט ער אנגעהויבען זיך דערצעהלען איינע פון יענע משוגענע מעשיות, וועלכע ער האט געהאלטען ווירקליכער ווי די ווירקליכקייט אליין.

זי געהט אוים פון ליעבע צו איהם, אבער ער שטויסט איהר אפ פון זיך. ווען ער געהט פארביי איהר הויז, קוקט זי איהם נאך פון הינטער די פארהאנגען. ער וויים, אז זי קוקט אויף איהם, אבער ער מאכט זיך ניט וויסענדיג. ער פערלאזט זאגאר זיין לאנד, און פאהרט אוועק ווייט, כדי איהר מעהר צו פייניגען. ער טהוט אויף גרויסע זאכען. דא האט ער אריינגעשטעלט איינינע אויסגעקליבענע שטיק־

לעך פון זיין זיידענס העלדען־ערצעהלונגען — זי ווערט דער־ווײלע קראַנק פון צער. איהר מוטער, אַט יענע שטאָלצע דאַמע, קומט זיך בעטען: „מיין אָרעם קינד שטאַרבט: קומט, איך בעט אייך!" ער איז געקומען. זי ליעגט מיט א בלייכען און איינגעפאַלענעם פּנים. זי האָט אויסגעשטרעקט איהרע ביי־דע אָרעמס, זי קען ניט ריידען, נאָר זי האָט גענומען זיינע ביידע הענד און געקושט ווײנענדיג. דאַן האָט ער אויף איהר אַ קוק געטהאָן מיט א וואונדערבאַרע צערטליכקייט און מילד־קייט. ער בעפעהלט איהר געזונד צו ווערען און ניט איהר די ערלויבניש איהם צו ליעבען. ביי דעם פּונקט אין זיין ערצעהלונג, ווען ער האָט גענומען זיך אַמוזירען, מאָלענדיג זייער צוזאַמענקומען, איבער׳חזרנדיג עטליכע מאָל די ווער־טער און בעוועגונגען, איז דער שלאָף אויף איהם אַרויפגע־פאַלען און ער איז איינגעשלאָפען א געטרייסטער.

ווען ער האָט געעפענט די אויגען, איז שוין געווען טאָג. און דער טאָג האָט שוין ניט געלויכטען מיט דער זעלבער זאָרגלאָזיגקייט ווי דער טאָג פריהער. עפּעס אַן ענדערונג איז פאָרגעקומען אין דער וועלט. קריסטאָף האָט געוואוסט וואָס עס איז אַזוינס אונגערעכטיגקייט.

עס פלעגט געבען מאָמענטען ווען מען האָט זעהר גרוי־סע נוט געליטען אין הויז. אזוינע מאָמענטען זיינען געוואָ־רען אלץ עפטער און עפטער. און אין אזוינע טעג איז דער עסען געווען זעהר קארג. קיינער פלעגט עס ניט אזוי גוט בעמערקען ווי קריסטאָף. דער פאָטער האָט פון גאָר ניט גע־וואָלט וויסען. ער פלעגט זיין דער ערשטער. און פאר איהם איז שטענדיג געווען גענוג. ער פלעגט זיך נאָך חכמה'נען, און לאכען פון זיינע אייגענע ווערטער, ניט בעמערקענדיג, ווי זיין פרוי וואָס פלעגט צושמייכלען מיט א געצוואונגענער מי־נע, קוקט מיט שרעק אויף דעם חלק וואָס ער נעהמט זיך. ווען די שיסעל איז פון זיינע הענד ארוים, איז זי געווען האַלב ליידיג. לואיזע האָט גענעבען די קליינע צו צוויי בולבעס יעדען איינעם. ווען עס איז דערגאַנגען צו קריסטאָפ'ן איז אין שיסעל שוין מעהר ניט פארבליבען ווי דריי, און די מוטער האָט נאָך פאר זיך ניט געהאַט. ער האָט עס שוין פון פריהער געוואוסט, ווייל ער האָט זיי אויסגעצעהלט איידער זיי זיינען דערגאַנגען צו איהם. דאמאָלט האָט ער זיך אָנ־גענומען מיט מוטה און אַ זאָג געטהאָן אין א נאָכלעסיגען טאָן:

„איינע, מאמע".

זי איז געוואָרען אביסעל פארוואונדערט.

„צוויי, ווי די איבעריגע."

„ניין, איך בעט דיך, נאָר איינע."

„ביסטו גאָר ניט הונגעריג?"

„ניין, איך בין ניט הונגעריג."

אָבער זי האָט אויך גענומען נאָר איינע. זיי האָבען די בולבעס זעהר פאַרזיכטיג אָבגעשיילט, זיי צושניטען אויף קליינע שטיקלעך און עס גענעסען אזוי פּאַמעליך ווי מעגליך. די מוטער האָט נאָך געקוקט נאָך איהם. ער איז שוין געוועז פאַרטיג.

„נו, נעהם שוין די אויך!"

„ניין, מאַמע!"

„הייסט עס, אז דו ביזט קראַנק?"

„איך בין ניט קראַנק, נאָר איך האָב גענוג גענעסען."

עס פלעגט פּאַרקומען, אז דער פאָטער פלעגט איהם פאַרוואַרפען דאָס ער איז אַן עקשן און דערוויל צונעהמען פאַר זיך די לעצטע בולבע. קריסטאָף איז אבער געוואָרען פאַרזיכטיגער און פלעגט די בולבע בעהאַלטען פאַר זיין קליי־נעם ברודער ערנסט, וועלכער איז שטענדיג געוועזן הונגעריג, און וועלכער פלעגט פון אָנהויב מאַהלצייט אַן איהם נאָכקוקען ביז ער פלעגט ענדליך איהם א פרעג טהאָן:

— דו עסט דאָך עס ניט? גיב זשע עס מיר, קריסטאָף.

ווי פיינט האָט קריסטאָף געהאַט זיין פאָטער! ווי שטאַרק האָט ער איהם געהאַסט פאַר וואָס ער האָט גאָר פון זיי ניט געטראַכט און איהם איז גאָר אין זינען ניט איינגע־פאַלען אז ער עסט אויף זייער חלק. ער איז געווען אזוי הונ־געריג, אז ער האָט איהם געהאַט און ער וואָלט עס איהם אָפען געזאָגט. אָבער אין זיין שטאָלצקייט האָט ער געטראַכט אז ער האָט אויף דעם ניט קיין רעכט, ווייל ער פאַרדיענט גאָר ניט. די ברויט וואָס זיין פאָטער נעהמט צו, האָט דאָך דער פאָטער פאַרדיענט, ער אבער טויג צו גאָר ניט. ער איז א יאָך פאַר אַלעמען, ער האָט קיין רעכט ניט צו ריידען. שפּע־טער וועט ער אַלץ ארויסזאָגען. אויב עס וועט נאָר קומען

צום „שפעטער“. אַ! ער וועט פריהער פון הונגער שטאַר־
בען. ער האָט מעהר געליטען ווי אַן אַנדער קינד פון די
שרעקליכע תעניתים. זיין געזונטער מאָגען האָט איהם גע־
פייניגט. אמאָל פלעגט איהם בעפאַלען אַ טרייסעל. דער קאָפּ
פלעגט איהם וועה טהאָן. ער פלעגט פיהלען אַ לאָך אין האַר־
צען, אַ לאָך וואָס ווערט אַלץ גרעסער, אַזוי ווי מען וואָלט
בויערן מיט אַן עקבער. — ער פלעגט זיך אָבער ניט בעקלאָ־
גען. ער האָט געזעהן, אַז זיין מוטער קוקט איהם נאָך און ער
פלעגט זיך מאַכען ווי עס אַרט איהם גאָר ניט. לואיזע האָט
מיט אַ געדריקטע האַרץ ביסלעכווייז גענומען פערשטעהן,
אַז איהר קליינער זוהן זאָגט זיך אָב פון עסען, כדי די אַנ־
דערע זאָלען האָבען מעהר. זי האָט ניט געוואָלט צולאָזען דעם
געדאַנק, אַבער דער געדאַנק האָט איהר ניט אָבגעלאָזען. זי
האָט ניט געהאַט קיין מוטה די זאַך אויפצוקלעהרען. צו פרע־
גען קריסטאָף׳ן: אויב עס איז אמת? ווארום אויב עס איז
אמת, וואָס קען זי טהאָן? זי אַליין איז פון קינדווייז אויף
געוואָהנט געוועזן ניט צו דערעסען. וואָס העלפט דער בע־
קלאָגען זיך, אַז מען קען אַנדערש ניט מאַכען. אמת איז, אַז
זי מיט איהר שוואַכען געזונד און קליינע בעדירפניסע האָט
ניט געפיהלט, אַז דאָס קינד מוז ליידען מעהר פון איהר. זי
האָט איהם גאָר ניט געזאָגט. אַבער איין מאָל אָדער צוויי
מאָל ווען אַלע זיינען זיך צוגאַנגען אויפ׳ן גאַס און מעלכיאָר
צו זיין אַרבייט, האָט זי געבעטען איהר עלטסטען זוהן בליי־
בען און איהר אין קלייניגקייטען אַרויסצוהעלפען. קריס־
טאָף האָט געהאַלטען פאַר איהר די וואָל, בעת זי האָט גע־
וויקעלט. פּלוצלונג האָט זי עס געלאָזען און האָט איהם ליי־
דענשאַפטליך אַרומגענומען, צוגעצויגען צום האַרצען, אַרויפ־
געזעצט אויפ׳ן שויס, כאָטש ער איז שוין געווען גאַנץ שווער

און שטאַרק צוגעדריקט צו זיך. ער האָט אַרומגענומען איהר האַלז און זיי האָבען ביידע אַרומגענומענערהייט געוויינט ווי פערצווייפעלטע.

— מיין אָרימער קליין אינגעל.

— מאַמע, טהייערע מאַמע!

מעהר האָבען זיי ניט גערעדט, אָבער זיי האָבען זיך פאַרשטאַנען.

עס האָט לאַנג געדויערט ביז קריסטאָף האָט בעמערקט, אז זיין פאָטער טרינקט. מעלכיאָרס שוואכקייט צום טרונק פלעגט אין אָנהויב ווייניגסטענס ניט אריבער געוויסע גרענעצען. ער איז ניט געווען ברוטאַל, גיכער פלעגט עס זיך אויסדריקען ביי איהם אין א איבערמעסיגער פרעהליכקייט: ער פלעגט ריידען נארישקייטען, פלעגט שטונדען לאַנג הויךזינגען, באַראַבאַנענדיג מיט די פינגער אויפ'ן טיש. אַמאָל פלעגט ער שלעפּען לואיזען מיט די קינדער טאנצען.

קריסטאָף האָט געזעהן, אז די מוטער ווערט פון דעם טרויעריגער. זי פלעגט זיך פאררוקען אין א ווינקעל און ניט אויפהויבען די אויגען פון דער ארבייט. זי האָט אויסגעמיעדען צו קוקען אויף דעם מאַן דעם שכור און פלעגט אויפ'ן דעליקאטען אופן מאכען איהם צו שווייגען, ווען ער פלעגט ריידען גראָבע רייד, פון וועלכע זי פלעגט רויט ווערען. קריסטאָף האָט אבער ניט פערשטאַנען, וואָס דאָס בעדייט. ער האָט זיך שטארק גענויטיגט אין פרעהליכקייט, אז דעם פאטערס קומען א היים מלא'דיג פלעגט ביי איהם זיין כמעט א יום טוב. אין הויז האָט געהערשט א טרויער און אָט די משוגענע שטיק זיינען פאר איהם געווען א צושטרייאונג. ער פלעגט לאכען פון גאנצען הארצען פון מעלכיאָרס משוגענע העויות און ער פלעגט מיט איהם טאַנצען און זינגען. ער פלעגט האלטען פאר אַן עולה פון דער מוטער, ווען זי פלעגט איהם מיט א בייזען קול הייסען אויפהערען. ווי אזוי קען עס זיין ניט גוט, אז זיין פאָטער טהוט עס? אמת איז, אז זיין שאַרפע בעאָבאכטונג, וועלכע האָט

איהם ניט געלאָזען פארגעסען דאָס וואָס ער האָט אמאָל שוין געזעהן, פלעגט איהם מאכען צו בעמערקען אין פאָטערס אויפפיהרונג זאכען, וואָס האָבען גאָר ניט געשטימט מיט זיין קינדערשען אבער הערשענדען אינסטינקט פון גערעכטיגקייט. דאָך ער האָט איהם אלץ געהאלטען אין בעוואונדערן. דאָס איז דאָך אזא נויטווענדיגקייט פאר א קינד. דאָס איז בלי ספק איינער פון די אייביגע פארמען פון זעלבסטליבע. ווען א מענש פיהלט זיך צו שוואך אויסצופיהרען זיינע פערלאנגען, און צו בעפרידיגען זיין שטאָלץ טראגט ער אלס קינד זיי אריבער אויף זיינע עלטערן. אלס מאן, בעזיעגט פון לעבען, טראגט ער זיי אריבער אויף זיינע קינדער. זיי זיינען, אָדער וועלען זיין דאָס אלץ, פון וואָס ער האָט גע'חלומט: זיינע העלדען און גואלי־הדם. אין דעם שטאָלצען ענטזאגען זיך פון זייערטוועגען מישען זיך ליעבע און עגאָאיזם אזוי שטארק דורך, אז דאָס רופט ארויס א פערשכור'נדע זיסקייט. קריסטאָף פלעגט פארגעסען אלע זיינע קריוודעס צום פאָטער און פלעגט זוכען נאָר אורזאכען איהם צו בעוואונדערען. ער האָט בעוואונדערט זיין וואוקס און זיינע שטארקע הענט, זיין שטים, זיין לאכען, זיין פרעהליכקייט און ער פלעגט לייכטען פון שטאָלץ, ווען ער פלעגט הערען אימעצען לויבענדיג זיין פאָטערס שפיעלען, אָדער ווען מעלכיאר אליין פלעגט, מגזם זייענדיג, דערצעהלען ווי מען האָט איהם געלויבט. ער האָט געגלויבט אין פאָטערס בעריהמערייען און האָט געקוקט אויף איהם ווי אויף א זשעניע, ווי אויף איינעם פון זיין זיידענס העלדען.

איין מאָל אין אָווענד, ארום זיעבען א זייגער, איז ער געקומען אליין אין שטוב. די קליינע ברידער זיינען אוועק מיט מישעל'ן שפאצירען. לואיזע האָט געוואַשען וועש ביים

טייך. די טהיר האָט זיך אויפגעעפענט און מעלכיאר האָט זיך אריינגעלאָזען. ער איז געווען אָהן א הוט, מיט האלב אָבגעשפּילטע בגדים. ביים אריינגעהן האָט ער געמאכט א מין טענצעל און איז ארויפגעפאלען אויף א שטוהל לעבען טיש. קריסטאָף האָט אָנגעהויבען צו לאכען, מיינענדיג, אז דאָס איז איינע פון זיינע קונץ־שטיק, און ער איז צוגעגאנגען צו איהם. אבער ווי נאָר ער האָט איהם דערזעהן פון נאָהענטען, אזוי איז ביי איהם אוועק דער חשק פון לאכען. מעלכיאר איז געזעסען מיט אראָבגעלאָזענע הענט. ער האָט געקוקט פאר זיך מיט זיינע פינטעלדיגע אויגען און האָט גאָר ניט געזעהן. זיין פּנים איז געווען טונקעל רויט. זיין מויל אָפען און פון צייט צו צייט פלעגט זיך פון איהם ארויס־גאָרגלען אן אידיאָטישער געלעכטער. קריסטאָף איז געוואָרען א צוטומעלטער. אין אָנהויב האָט ער געמיינט, אז זיין פאָטער שפּאסט עס. אבער ווען ער האָט געזעהן, אז דער פאָטער ריהרט זיך ניט פון אָרט, האָט איהם אָנגעכאפּט א שרעק.

„פּאפּא, פּאפּא!“ האָט ער געשריען.

מעלכיאר האָט אלץ געקוואקצעט ווי א הוהן. קריסטאָף האָט איהם אָנגענומען פאר'ן האנד און מיט אלע כוחות גע־נומען שאָקלען:

— „פּאפּא, טהייערער פּאפּא! ענטפער מיר, איך בעט דיך!“

מעלכיארס קערפּער האָט זיך געשאָקעלט ווי א זאק אָהן ביינער און ער איז כמעט ניט אומגעפאלען. זיין קאָפּ האָט זיך צוגעבויגען צו קריסטאָף'ן. ער האָט איהם אָנגעקוקט און געפּלאָפּעלט זינלאָזע, ניט פארשטענדליכע ווערטער. ווען קריסטאָף'ס בליק האָט זיך אָנגעטראָפען מיט זיינע פאר־

וואַלקענטע אויגען, איז אויף איהם אָנגעפאַלען א ווילדער שרעק. ער איז אַנטלאָפען אין צווייטען עק פון צימער, האָט זיך א וואָרף געטהאָן אויף די קניע ביים בעט און האָט איינגעגראָבען דאָס געזיכט אין די קאָלדרעס. ער איז לאַנג אַזוי פאַרבליעבען. מעלכיאָר האָט זיך שווער געשאָקעלט אויפ'ן שטוהל און געבורטשעט. קריסטאָף האָט פאַרשטאָפּט די אויערן, כדי ניט צו הערען און האָט געציטערט. וואָס מיט איהם איז געשעהן איז אונמעגליך אויסצודריקען. עס איז געווען א שרעקליכע איבערקעהרעניש: שרעק, טרויער, ווי אימיצער וואָלט געשטאָרבען, אימיצער וואָס איז טהייער און געאַכטעט.

קיינער איז ניט געקומען. זיי זיינען געבליעבען אַליין. עס איז געוואָרען נאַכט און קריסטאָף'ס שרעק איז געוואָרען שטאַרקער פון מינוט צו מינוט. ער האָט זיך ניט געקענט העלפען און געמוזט זיך צוהערן, און זיין בלוט איז פאַרגליווערט געוואָרען, ווען ער האָט געהערט די שטים, וועלכע ער האָט מעהר ניט דערקענט; די שטילקייט האָט איהר געמאַכט נאָך שרעקליכער. דער הילצערנער זייגער האָט נאָך צוגעקלאַפּט אין טאַקט צו דער זינלאָזער פּלאַפּלעריי. ער האָט עס מעהר ניט געקענט אריבערטראָגען; ער האָט געוואָלט אַנטלויפען, אבער אום ארויסצוגעהן, האָט ער געמוזט פאַרבייגעהן דעם פאָטער און ער האָט אויפגעציטערט פון דעם געדאַנק ווידער אריינצוקוקען אין זיינע אויגען. איהם האָט זיך אויסגעדוכט, אַז ער וועט דערפון שטאַרבען. ער האָט פּרובירט צוקריכען צו דער טהיר אויף די קניע און הענד. ער האָט איינגעהאַלטען דעם אָטהעם, האָט ניט אויפגעהויבען די אויגען, ער האָט זיך אָבגעשטעלט ביי יעדער בעוועגונג פון מעלכיאָר'ן, וועמעס פיס ער האָט געזעהן אונטער'ן טיש.

איין פוס פון שכור האָט זיך געטרייסעלט, קריסטאָף איז דערגאַנגען צום טהיר. מיט א ציטערנדיגער האנד, האָט ער אָנגעדריקט די קליאמקע. אבער אין זיין צוטומעלטקייט האָט ער זי צוריק אבגעלאָזען. די טהיר האָט זיך האסטיג פארמאכט.

מעלכיאר האָט זיך אומגעדרעהט א קוק צו טהאָן. דער שטוהל אויף וועלכען ער האָט זיך געשאָקעלט, האָט פאר־לאָרען די גלייכגעוויכט און איז מיט א קראך אומגעפאלען. דער צושראָקענער קריסטאָף האָט שוין מעהר קיין כוח ניט געהאט צו לויפען. ער איז געבליעבען שטעהן ווי א צוגע־שמידטער ביים וואנד און האָט געקוקט ווי דער פאָטער איז געלעגען אויסגעצויגען ביי זיינע פיס און האָט געשריען נאָך הילף.

דער פאל האָט מעלכיאר'ן אביסעל אויסגעניכטערט. נאָך דעם ווי ער האָט געשאָלטען, געזידעלט, זאָגאר געשלאָ־גען דעם שטוהל, וואָס האָט איהם אָבגעטהאָן אזא שפיצעל, און נאָכדעם ווי ער האָט געפּרובירט זיך אויפהויבען און ניט געקענט, האָט ער זיך אוועקגעזעצט און זיך אָנגעשפּארט מיט'ן רוקען אָן טיש. און דאָ האָט ער דערקענט די סביבה. ער האָט דערזעהן קריסטאָף'ן א וויינענדיגען, און האָט איהם גערופען צו זיך. קריסטאָף האָט געוואָלט זיך ראטעווען. ער האָט זיך אבער ניט געקאָנט ריהרען. מעלכיאר האָט איהם נאָך אמאָל א רוף געטהאָן, און אזוי ווי דאָס קינד איז ניט צוגעגאנגען, האָט ער מיט כעס גענומען שילטען. קריסטאָף איז צוגעגאנגען, ציטערדיג מיט אלע גליעדער. מעלכיאר האָט איהם צוגעצויגען צו זיך און אוועקגעזעצט אויף די קניע. ער האָט אָנגעהויבען דערפון וואָס ער האָט איהם געצויגען פאר די אויערן, האלטענדיג דערביי א דרשה מיט א שווערען פלאפלענדיגען צונג וועגען כבוד אב, וואָס א קינד דארף

ארויסוווייזן צו זיין פאָטער. פלוצלונג איז איהם גאָר אנאַנ־
דער געדאנק איינגעפאלען, און ער האָט גענומען ארומוואר־
פען דאָס קינד אין די אָרעמס מאכענדיג בשעת מעשה גרא־
בע וויצען. ער האָט זיך געקייקעלט פון געלעכטער, און באלד
נאָכדעם איז ער, אָהן א „פארוואָס“, אריבער אין א טרויעריגע
שטימונג. ער האָט רחמנות געקראָגען אויף זיך, אויף דעם
קליינעם. ער האָט איהם צוגעדריקט צו זיך, אזוי ווי ער וואָלט
איהם געוואָלט דערשטיקען, און האָט איהם בעשאָטען מיט
קושען און טרעהרען, און שליעסליך האָט ער איהם גענומען
וויעגען, צוזינגענדיג „דע פראָפונדיס“. קריסטאָף האָט זיך
אפילו א ריהר ניט געטהאָן, אום זיך צו בעפרייען. ער איז
געווען ווי פארגליווערט פון שרעק. צוגעשטיקט צו זיין פאָ־
טערס ברוסט, פיהלענדיג אויף זיין געזיכט דעם פאָטערס
אָטהעם פול מיט בראנפען און זיינע גרעבסען דורכגענעצט פון
זיינע קושען און טרערען, איז ער אויסגעגאנגען פון שרעק. ער
האָט געוואָלט שרייען, אבער ער האָט ניט געקענט ארויס־
ברייננגען קיין געשריי פון זיין מויל. עס האָט זיך איהם אויס־
געדוכט אז א יאָהר־הונדערט איז ער פארבליעבען אָט אין דעם
שרעקליכען צושטאַנד, ביז די טיהר האָט זיך געעפענט און
לואיזע איז אריין אין שטוב מיט'ן קאָרב וועש אין האנד.
זי האָט ארויסגעלאָזען א געשריי, האָט געלאָזען פאלען דעם
קאָרב און איז צוגעלאָפען צו קריסטאָף'ן און מיט אן אימפעט
וואָס מען האָט גאָר פון איהר ניט געקענט ערווארטען, האָט
זי ארויסגעריסען איהם פון מעלכיארס הענד.

— „דו שכור'ער לומפ!“ האָט זי געשריען. איהרע
אויגען האָבען געפינקעלט פון צאָרן.

קריסטאָף האָט געמיינט, אז זיין פאָטער וועט איהר
דער'הרג'נען. אבער מעלכיאר איז געוואָרען אזוי איבער־

ראשט פון זיין ווייבס קריעגערישען אויסזעהן, אז ער האט גאר ניט געענטפערט און האט אויסגעבראכען אין א געוויין. ער האט זיך געקייקעלט אויפ'ן פאדלאגע, האט געקלאפט דעם קאפ אן די מעבעל און גע'טענה'ט, אז זי איז גערעכט. אז ער איז א שכור און אז ער האט אונגליקליך געמאכט די גאנצע פאמיליע, האט רואינירט די ארימע קינדער, און אז ער וואלט בעסער געוואלט שטארבען. לואיזע האט מיט פערראכטונג זיך אויסגעדרעהט צו איהם מיט'ן רוקען. זי האט אוועקגעטראגען קריסטאפ'ן אין צווייטען צימער און זיך בע־מיהט איהם צו בערוהיגען. דער קליינער האט אלץ ניט אויפגעהערט צו ציטערן, און האט ניט געענטפערט אויף דער מוטערס פראגען. ענדליך האט ער זיך פארנאנדערגע־וויינט. לואיזע האט איהם ארומגעוואשען דעם פנים מיט וואסער. זי האט איהם ארומגענומען, האט צערטליך גערעדט צו איהם און מיטגעוויינט מיט איהם. ביסלעכווייז האבען זיי זיך ביידע בערוהיגט. זי האט זיך אוועקגעשטעלט אויף די קניע און געלאזט איהם זיך קניען לעבען איהר. זיי האבען ביידע געבעטען גאט, אז ער זאל אויסהיילען זייער פאטער פון דער אבשטויסענדער געוואהנהייט, און ער זאל ווערן אנשטענדיג ווי פריהער. לואיזע האט דאס קינד אריינ־געלעגט אין בעט. ער האט געוואלט, זי זאל פערבלייבען לע־בען זיין בעט און האלטען זיין האנד. לואיזע האט פאר־בראכט א טהייל פון דער נאכט זיצענדיג לעבען קריסטאפ'ן, וועלכער האט געקראגען היץ. דער שכור האט געכראפעט אויף דער פאדלאגע.

אין א געוויסע צייט ארום נאך דעם אין שול, וואו קריסטאף האט פארבראכט די צייט צעהלענדיג די פליגען אויפ'ן סופיט און שטויסענדיג זיינע שכנים, כדי זיי אראב־צוווארפען פון באנק, האט דער לעהרער, וועלכער איז גע־

ווען בייז אויף איהם פאַר זיין פוילקייט, אומרוהיגקייט, און שטענדיגען לאַכען, געמאַכט אַ ניט־פּאַסיגע בעמערקונג. ער וויל, האָט דער לעהרער געזאָגט, ווי עס ווייזט אויס, געהן אין די טריט פון אַ געוויסער פּערזאָן. אַלע קינדער האָבען זיך פאַרנאַנדערגעלאַכט און אייניגע האָבען געפונען פאַר נויטיג צו פאַרטייטשען די בעמערקונג מיט גאַנץ קלאָרע און ענערגישע פּרושים. קריסטאָף האָט זיך אויפגעהויבען רויט פון שאַנדע, האָט געכאַפּט אַ טינטער און מיט'ן גאַנצען כוח אַ וואָרף געטהאָן אין דעם ערשטען אינגעל, וועלכען ער האָט געזעהן לאַכענדיג. דער לעהרער האָט זיך אַרויפגעוואָרפען אויף איהם און גענומען איהם שלאָגען. מען האָט איהם אָבגעשמיסען, געמאַכט איהם שטעהן אויף די קניע, און מען האָט אַרויפגעלעגט אויף איהם אַ שווערע שטראָף.

ער איז געקומען אַ היים אַ בלאַסער און אַן אויפגערעגטער און האָט ערקלעהרט גאַנץ געלאַסען, אַז ער וועט מעהר ניט געהן אין שוהל. מען האָט ניט געשאָנקען קיין אויפמערקזאַמקייט צו זיינע ווערטער. אויף מאָרגען אין דער פריה ווען די מוטער האָט איהם דערמאָהנט, אַז עס איז שוין צייט צו געהן אין שול, האָט ער איהר געענטפערט גאַנץ רוהיג, אַז ער האָט דאָך געזאָגט, דאַס ער געהט מעהר ניט. לואיזע האָט געפּרובירט זיך בעטען, שרייען, סטראַשענען. קיין זאַך האָט ניט געהאָלפען. ער איז געבליבען איינגע'עקשנ'ט אין זיין ווינקעל. מעלכיאָר האָט געשאָטען אויף איהם קלעפּ. ער האָט געשריען, אַבער יעדעס מאָל ווען זיי פלעגען איהם אַ פרעג טהאָן: וועט ער געהן? פלעגט ער ענטפערן נאָך בייזער „ניין“! זיי האָבען איהם געבעטען ער זאָל אָם וויינינגסטען זיי זאָגען פאַר וואָס? ער אַבער האָט פאַרביסען די ציינער און ניט אַרויסגערעדט קיין איין וואָרט. מעלכיאָר האָט איהם

גענומען אויף די הענד און אוועקגעטראָגען אין שול און דאָרט איהם איבערגעגעבען צום לעהרער. ווי נאָר ער איז צוגעגאַנ־גען צו זיין באַנק, האָט ער אָנגעהויבען צוצוברעכען אַלץ וואָס ער האָט נאָר געקענט דערלאַנגען: זיין שרייב־געצייג, זיין פעדער. ער האָט צעריסען זיין העפט און זיין בוך. און דאָס אַלץ געטהאָן גאַנץ אָפען, קוקענדיג בשעת מעשה אויפ'ן לעה־רער מיט אַן ארויספאָדערענדיגען בליק. מען האָט איהם פאַר־שפּאַרט אין פינסטערן קאַרצער, אין אייניגע מינוט אַרום האָט דער לעהרער איהם געפונען מיט זיין נאָז־טיכעל אַרום האַלז, צוזאַמענציהענדיג ביידע ברעגעס מיט אַלע כחות. ער האָט געוואָלט זיך דערשטיקען.

מען האָט איהם געמוזט אַבשיקען אַהיים.

קריסטאָף איז געווען פאַרהאַרטעוועט געגען קראַנקהייט. ער האָט גע׳ירשנ׳ט פון זיין פאָטער און זיידען זייער קרעפ־טיגע, שטאַרקע נאַטור. פאַרוועהנט איז מען אין דער פאַמי־ליע ניט געווען. צי קראַנק צי ניט קראַנק, מען האָט זיך קיין מאָל ניט בעקלאָגט און קיין זאַך איז ניט געווען אימ־שטאַנד צו ענדערן עפּעס אין די געוואָהנהייטען פוןביידע קראַפטס, דעם פאַטער און דעם זוהן. זיי פלעגען ארומגעהן שטונדענלאַנג אין יעדען וועטער, סיי זומער, סיי ווינטער, אין רעגען אָדער זון. אָפטמאָל ארומגעהן צוליעב אָבגעלאָ־זענקייט אָדער פון געמאַכטע בריה׳שקייט מיט הוילע קעפּ, און אָבגעשפּיעלטע בגדים און ניט ווערען מיעד. זיי פלעגען מיט פעראַכטונג קוקען אויף דער אָרימער לואיזע, וועלכע פלעגט אפילו גאָר ניט זאָגען, אבער וואָס פלעגט זיי מאַכען בלייבען שטעהן צוליעב איהרע געשוואָלענע פיס און קלאַפּענדיגע האַרץ.

קריסטאָף איז אויך ניט געווען ווייט פון זייער פער־אַכטונג געגען דער מוטער. ער האָט ניט פערשטאַנען וואָס הייסט עס אזוינס זיין קראַנק. ווען ער פלעגט פאַלען אָדער זיך אָבשלאָגען, אָדער זיך איינשניידען, אָדער זיך אָבברע־נען, פלעגט ער ניט וויינען. ער פלעגט מעהר ניט ווי זיין אין כעס אויף די זאַך וואָס פלעגט איהם וועה טהאָן. די גראָבקיי־טען פון זיין פאָטער און פון זיינע חברים, די גאַסען־אינגלאַך מיט וועמען ער פלעגט זיך שלאָגען, האָבען איהם שטאַרק פאַרהאַרטעוועט. ער האָט פאַר א קלאַפּ קיין מורא ניט גע־האַט. און ניט איין מאָל איז ער געקומען אַהיים מיט א צר־

בלוטיגטען נאָז און מיטביילען אויפ׳ן שטערן. איין מאָל האָט מען איהם געמוזט אוועקשלעפּען שיער ניט א דער־שטיקטען פון איינעם אזא ווילדען געשלעג, ביי וועלכען ער האָט זיך איבערגעקייקעלט איבער זיין געגנער און יענער האָט מיט רציחה צוגעדריקט זיין קאָפּ צום טראָטואר. קריסטאָף האָט עס געהאַלטען פאר גאנץ נאַטירליך און איז געווען גע־רייט צו טהאָן מיט אנדערע אזוי, ווי אנדערע טהוען מיט איהם.

און דאָך האָט ער מורא געהאט פאר א סך זאכען, כאָטש קיינער האָט דערפון ניט געוואוסט, ווארום ער איז געווען זעהר שטאָלץ ביי זיך. ער האָט א געוויסען טהייל פון זיינע קינדערשע יאָהרען זעהר פיעל געליטען פון אָט די שטענדיגע שרעקעניש. פאר אַן ערך פון צוויי אָדער דריי יאָהר האָבען זיי איהם געעגבערט ווי א קראנקהייט.

ער האָט מורא געהאט פאר דאָס געהיימניספולע „עפּעס“, וואָס איז בעהאַלטען אין דער פינסטערניש, פאר די בייזע גייסטער וואָס ליגען און ווארטען אויף זיין לעבען, פאר די שרעקליכע פאַרזעהעניששען, וואָס יאָגען זיך נאָך דער נשמה פון יעדען קינד און בעווייזען זיך אין אַלץ וואָס ער זעהט; זיי זיינען בלי ספק די לעצטע שיריים פון לאנג־אָבגעשטאָרבענע חיות, האַליצונאציעס פון די ערשטע טעג פון דעם שרעקליכען שלאָף אין דער מוטערס לייב, פון דעם ערוואכען פון דער ערשטער בעשעפעניש אוים דער טיעפ־קייט פון דער מאַטעריע.

ער האָט מורא געהאט פאר דער טהיר פון בוידעם. זי האָט זיך געעפענט אויפ׳ן טרעפּ און פלעגט שטענדיג זיין האַלב אָפען. ווען ער פלעגט דארפען פארבייגעהן, פלעגט ער פיהלען ווי דאָס הארץ קלאַפּט ביי איהם. ער פלעגט א

שפּרונג טהאָן און פאַרביילויפען ניט געבענדיג אַ קוק. איהם האָט זיך אויסגעוויזען, אַז אימיצער אָדער עפּעס שטעהט הינטען, ווען זי איז געווען פערשלאָסען, האָט ער דייטליך געהערט ווי הינטער איהר בעוועגט זיך עפּעס, און עס איז אויך קיין וואונדער ניט געווען, ווארום דאָרט זיינען געווען גרויסע מייז. ער אבער האָט זיך פאַרגעשטעלט עפּעס אַ מאָנסטער מיט צובראָכענע ביינער, מיט שטיקער הייני־גענדיגע פלייש, מיט אַ קאָפּ פון אַ פערד און שרעקליכע טויטע אויגען אָהן בעשטימטע פאָרמען. ער האָט וועגען דעם ניט געוואָלט טראַכטען, אבער ער האָט געמוזט טראַכטען. מיט אַ ציטערנדיגער האַנד פלעגט ער זוכען זיך צו איבערצייגען, אַז דער פאַרוקער איז גוט פאַרמאַכט. און דאָך פלעגט עס איהם ניט שטערען ביים אראָבגעהן די טרעפּ זיך אמאָל צעהן אומצודרעהען צוריק.

ער האָט מורא געהאַט פאַר די נאַכט אויפ'ן גאַס. עס האָט געטראָפען, אַז ער פלעגט זיך פאַרזאַמען ביים זיידען, אָדער אַז מען פלעגט איהם אין אָווענד נאָך עפּעס שיקען. דער אַלטער קראַפט האָט געוואוינט אַ שטיקעל הינטער'ן שטאָדט, אין דער לעצטער הויז אויף דעם וועג צו קעלן. צווישען דער הויז און די ערשטע ליכטיגע פענסטער פון שטאָדט זיינען געווען פון צוויי ביז דריי הונדערט טריט. קריסטאָף'ן אבער האָט עס זיך אויסגעוויזען אַ מהלך דריי מאָל אַזוי גרויס. אין מאַנכע שטעלען האָט דער וועג זיך פערדרעהט און מען האָט ניט געקענט זעהן. דער געגענד איז געווען פערלאָזען אין אָוועגד. די ערד איז געוואָרען שוואַרץ און דער הימעל שרעקליך בלוי. ווען מען איז ארויס פון די ביימלאַך, וואָס פאַרצאַמען דעם וועג און מען האָט זיך אויפגעהויבען אויפ'ן באַרג, האָט מען נאָך געקאָנט זעהן דעם געלבליכען שטראַהל אויפ'ן

ברעג פון האריזאנט. אבער דער שטראהל האט ניט געגעבען קיין ליכט און איז געווען דריקענדער ווי די נאכט; ער האט געמאכט די פינסטערניש נאך טיעפער. עס איז געווען א טויטער שיין. די וואלקענס האבען זיך אראבגעלאזען כמעט ביז צו דער ערד. די ביימלעך זיינען אויסגעוואקסען ריעזיג גרויס און האבען זיך בעוועגט. די פארדארטע ביימער האבען אויסגעזעהן ווי פאנטאסטישע אלטע לייט. די מיילשטיינער — ווי בלאסע לייגוואנד. די חמארע האט זיך בעוועגט. קארליקעס זיינען געזעסען אין די קאנאוועס, פייערפליגלאך אין די גראז, א שרעקליכע פליהעריי אין דער לופט, און גרילצענדע געשרייען פון חיה׳לעך, וואס פלעגען קומען, ווער וויים פון וואנען.

קריסטאף איז שטענדיג געווען אין שרעק, ערווארטענדיג פון דער נאטור אונגעוועהנליכע אונגליקען. ער פלעגט לויפען און דאס הארץ פלעגט שפּרינגען ביי איהם אין ברוסט.

ווען ער פלעגט דערזעהן די ליכט אין זיידענס צימער, פלעגט ער זיך בערוהיגען. אבער דאס ערגסטע פלעגט זיין, ווען דער אלטער קראפט פלעגט נאך ניט זיין צוריק אין דער היים. דאמאלט פלעגט זיין וואס שרעקליכעס. דאס אלטע, אין דער לאנדשאפט פערווארפענע הויז פלעגט ביים קינד ארויסרופען א שרעק זאגאר אין מיטען טאג. ווען דער זיידע פלעגט דארט זיין, פלעגט ער פארגעסען אז זיין שרעק. אבער אפטמאל פלעגט דער אלטער אוועקגעהן און לאזען איהם אליין, ניט זאגענדיג איהם וועגען דעם. קריסטאף׳ן האט דאס ניט געארט. דאס צימער איז געווען רוהיג. אלץ ארום איז געווען בעקאנט און געמיטליך. דא איז געשטאנען א גרויסע הילצערנע בעט. ביים צוקאפּענס פון בעט איז אויף א פאליצע געלעגען א גרויסער תנ"ך. אויפ׳ן קאמין זיינען גע־

שטאַנען קינסטליכע בלומען מיט די פאָטאָגראַפיעס פון די ביידע ווייבער, און פון די עלף קינדער. דער אַלטער האָט פארצייכענט אונטען, אויף יעדער פאָטאָגראַפיע, ווען יעדע איינע פון זיי איז געבאָרען געוואָרען און געשטאָרבען. אויף די ווענט זיינען געהאַנגען געדיכטען, אין ראַהמען איינגע־פאַסט, און צוויי שלעכט געדרוקטע בילדער פון מאצארט און בעטהאָווען. א קליינער קלאַוויר איז געשטאַנען אין איין וויג־קעל און אַ וויאָליאנטשעל אין א צווייטען; רייהען ביכער — אָנ־געוואָרפען, ליולקעס זיינען געווען אויפגעהאַנגען און אויף די פענסטער זיינען געשטאַנען וואזענעס. מען איז געווען ווי ארומגערינגעלט פון פריינד. די טריט פון אַלטען האָבען זיך געהערט הין און צוריק פון צווייטען צימער. מען האָט איהם געהערט פיילענדיג אָדער קלאַפענדיג. ער פלעגט ריידען צו זיך אַליין, פלעגט זיך אַליין רופען נאָר, פלעגט זינגען מיט זיין שטאַרקער שטים, צוזאַמענשלעפענדיג פּאַפּורים פון שטיקלעך כאָר־נגונים, סענטימענטאַלע ליעדער, מיליטערישע מאַרשען און טרינק־ליעדער. מען האָט זיך דאָרט געפיהלט זיכער. קריסטאָף פלעגט זיצען אין לעהן־שטוהל איינגעבוי־גען, מיט א בוך אויף די קניע און דוכקוקען די בילדער, אין גאַנצען אריינגעטהאָן אין זיי. דער טאָג פלעגט פארגעהן. עס פלעגט אָנהויבען צו טונקלען אין די אויגען און ער פלעגט אין גאַנצען אויפהערען אריינקוקען אין בוך און אריינפאַלען אין אונקלאָהרע פאַנטאַזיעס. אָט דערהערט זיך פון ווייטען וועג א מעקעניש פון א קוה אין פעלד. די שטאָדטישע גלאָקען קלינגען צום אָווענד־געבעט. אונקלאָהרע ביינקעניש און אוג־בעקאַנטע געפיהלען ערוואַכען אין הארצען פון דעם פאַנטאַ־זירענדען קינד.

פּלוצלונג — קריסטאָף כאַפּט זיך אויף א צושראַקענער

מיט א געפיהל פון אונרוהיגקייט. ער הויבט אויף די אויגען: עס איז נאכט. ער הערט זיך צו: עס איז שטיל. דער זיידע איז נאָר וואָס ארויסגעגאנגען. א שווידער געהט דורך איבער זיין לייב. ער בייגט זיך ארוים דורכ'ן פענסטער: פיליכט וועט ער איהם נאָך דערזעהן. דער וועג איז איינזאם, די זאכען ארום הייבען אָן צו בעקומען א שרעקליכען אויסזעהן. גאָט! אויב ד אָ ס וועט קומען? וואָס?... ער האָט אליין ניט געוואוסט וואָס עס איז אָט ד אָ ס שרעקליכע. די טיהרען זיינען ניט גוט צוגעמאכט. די הילצערנע טרעפ סקריפען ווי אונטער טריט. דאָס קינד שטעלט זיך אויף, שלעפט דעם ארם־שטוהל, די צוויי שטוהלען, דעם טיש און אלץ איז ווייטעסטען ווינקעל פון צימער. ער מאכט א פעסטונג פון זיי: דעם ארם־שטוהל מיט'ן רוקען צום וואנד,ביידע שטוהלען פון די זייטען און דעם טיש פון פארענט, אין מיטען א פאָר טרעפלאך, קריכט אליין ארויף אויפ'ן שפיץ מיט זיין בוך און נאָך עטליכע אנדערע אלס געוועהר אין פאל פון בעלאגערונג. ערשט דאמאלט אטהעמט ער פרעהליכער, ווייל ער האָט בעשלאָסען אין זיין קינדערשער פאנטאזיע, אז דער שונא קען בשום אופן ניט דורכגעהן די פעסטונג: דאָס איז ניט ערלויבט.

אָבער דער שונא פלעגט אמאָל ארויסקריכען פון בוך גופא. צווישען די אלטע ביכער, וואָס דער זיידע האָט צונויפגעקויפט, איז געווען איינס מיט בילדער, וואָס האָבען געמאכט א טיעפען איינדרוק אויף דאָס קינד. זיי פלעגען איהם אי צוציהען, אי אבשרעקען. עס זיינען געווען פאנטאסטישע בילדער: די פארפיהרונגען פון הייליגען אנטאָניוס; וואו סקעלעטען פון פייגעלאך זיינען געהאנגען אין פלאשען; וואו טויזענד אייעלאך האָבען זיך געדרעהט ווי ווערים, און אויס־

געשניטענע זשאַבעס ווי קעפּ, זיינען געטראָטען אויף פּיס; וואו אייזלען האָבען געבלאָזען אין טרומייטען און די קיד־געשיר און די טויטע קערפּערס פון חיות האָבען שפּאַצירט אָנגעטהאָן אין גרויסע פּאַטשיילעס און האָבען זיך פאַרנייגט ווי אַלטע דאַמען.

קריסטאָף'ן פלעגט עקלען פון די בילדער. און דאָך פלעגט ער שטענדיג צו זיי זיך אומקעהרען, זייענדיג צוגע־צויגען דורך זיין עקעל צו זיי. ער פלעגט לאַנג קוקען אויף זיי און פון צייט צו צייט פאַר'גנב'ענען א בליק, אום צו זעהן, וואָס ריהרט זיך דאָרט אין די פאַלדען פון די פאָרהאַנגען. נאָך שרעקליכער איז געווען דאָס בילד פון אַן ארומגעשונדע־נעם מענשען אין אַן אַנטאָמיע־בוך. ער פלעגט ציטערן אי־בערצוקעהרען די זייט, ווען ער פלעגט צוקומען צו דעם פּלאַץ, וואו דאָס בילד האָט זיך געפונען. דאָס גאַנצע איינ־פּארביגע מישמאַש האָט זיך איינגעקריצט אין זיין נשמה. די שאַפענדע קראַפט, וואָס לעבט אין יעדען קינדערשען מוח, האָט אויסגעפילט די דאָזיגע אָרימקייט מיט אַן אינהאַלט. ער האָט ניט געזעהן קיין אונטערשיעד צווישען דער שמיע־רעריי און דער ווירקליכקייט. ביי נאַכט פלעגען זיי ווירקען שטאַרקער אויף זיינע חלומות, ווי די לעבעדיגע איינדריקע פון טאָג.

ער האָט מורא געהאַט איינצושלאָפען. עטליכע יאָהר נאָכאַנאַנד האָבען קאָשמאַרען פאַרגיפטעט זיין רוה. ער האָט ארומגעוואַנדערט איבער קעלערס און האָט געזעהן דעם ארומגעשונדענעם מענשען אריינקריכענדיג דורך דער רינע. ער איז געווען אַליין אין צימער, און האָט געהערט אין פאָר־הויז א גערויש פון טריט. ער האָט זיך א וואָרף געטהאָן צום טהיר אום איהר צו פערמאַכען, און האָט נאָך געהאַט צייט

אַנצונעהמען די קליאמקע, אבער אימיצער האָט פון הינטען א שלעפּ געטהאָן. ער האָט ניט געקאָנט א דרעה טהאָן דעם שלי־סעל. די כחות האָבען איהם פערלאָזען, און ער האָט גענומען רופען נאָך הילף. און פון דער צווייטער זייט האָט ער גאנץ גוט געוואוסט, ו ו ע ר עס וויל אריינקומען. ער האָט זיך געפונען אין מיטען פון זיין פאמיליע. און מיט אמאָל האָ־בען זייערע געזיכטער זיך געענדערט. זיי האָבען אָבגעטהאָן משונה׳דיגע זאכען. ער האָט רוהיג געלייענט און מיט אמאָל דערפיהלט, אז די אונבעקאנטע ברואים זיינען ארום איהם. ער האָט געפּרובירט לויפען, ער האָט זיך אבער געפיהלט גע־בונדען. ער האָט פּרובירט שרייען, אבער ער האָט געפיהלט אז מען האָט איהם פערשטאָפּט די מויל, ווי קלעשצעס וואָלטען זיך צוזאמענגעדריקט ארום זיין האלז. ער האָט זיך אויפגעכאפּט א האלב דערשטיקטער, קלאַפּענדיג מיט די ציי־נער. און לאנג נאָך האָט ער אלץ געציטערט, כאָטש ער איז שוין געוועזען אויף. ער האָט ניט געקענט פּטור ווערען פון זיין טויט־שרעק.

דער צימער, אין וועלכען ער איז געשלאָפען, איז גע־ווען א לאָך אָהן א טיהר אָדער פענסטער. אן אלטער פּאָר־האנג איבער דעם אריינגאנג האָט אבגעטיילט זיין צימער פון די עלטערנס צימער. די גערדיכטע לופט האָט איהם געשטיקט. זיין ברודער, וואָס איז געשלאָפען אין דער זעלבער בעט, האָט איהם געבריקעט מיט די פיס. דער קאָפּ האָט איהם געברענט און ער איז געוואָרען א קרבן פון א געוויסען זאָרט האַליוצי־נאציעס, אין וועלכע אלע זיינע קליינע טעגליכע זאָרגען פלע־גען זיך צוריקקעהרען אין א משונה׳דיג־פארגרעסערטער פאָר־מע. אין דעם צושטאנד פון אָנגעשטרענגטער נערוועזקייט, ביים גרענעץ פון משוגעת, איז יעדער קלאַפּ פאר איהם געווען

פאַרבונדען מיט שרעקליכע יסורים. אַ סקריפּ פון פאַדלאָגע פלעגט איהם מאַכען אויפשוידערן; זיין פאַטערס אָטהעמען איז ביי איהם אויסגעקומען פאַנטאַסטיש: עס איז גאָר ניט געווען קיין מענשליכער אָטהעמען. אָט דער משונה'דיגער געראָדויש האָט ביי איהם אַ שרעק אַרויסגערופען. עס האָט זיך איהם געדוכט, אַז אַ חיה ליגט דאָרט און שלאָפט. די נאַכט פלעגט איהם צוברעכען. עס האָט אויסגעוויזען אַז צו דער נאַכט וועט קיין מאָל קיין סוף ניט נעהמען, עס וועט שוין שטענדיג אַזוי בלייבען, אַז חדשים נאָך חדשים ליעגט ער שוין דאָ אַזוי. ער פלעגט שווער אָטהעמען, האַלב זיך אויפזעצען אין זיין בעט און אָבווישען די שוויים פון זיין געזיכט מיט'ן אַרבעל פון העמד. אַמאָל פלעגט ער אַ שטויס טהאָן זיין ברודער רודאָלף, כדי איהם אויפצואוועקען. אָבער יענער פלעגט אַ בורטשע טהאָן, אַ ציה טהאָן אויף זיך די איבעריגע קאָלדרע און שלאָפען ווייטער.

אַזוי פלעגט ער פאַרבלייבען אין פיבערישען טויטשרעק ביז אַ ווייסער שטראַהל פלעגט זיך בעווייזען אויף דער פאַדלאָגע פון אונטער'ן פאַרהאַנג. אָט דער אונזיכערער, בלאַסער שיין פון ווייטען מאַרגען, פלעגט איהם ברייגגען פריעדען. ער פלעגט פיהלען ווי די ליכט גליטשט זיך אַריין אין צימער, נאָך איידער מען האָט עס געקענט אונטערשיידען פון דער פינסטערניש. די היץ פלעגט באַלד אַרונטער. זיין בלוט פלעגט ווערען רוהיג, ווי אַ טייך וואָס געהט צוריק אַריין אין זיינע ברעגעס. אַ רעגעלמעסיגע וואַרימקייט פלעגט דורכגעהן דורך זיין קערפּער, און זיינע אויגען, וואָס האָבען געברענט פון ניט שלאָפען, פלעגען זיך צומאַכען געגען זיין ווילען.

אין אָוועגד פלעגט ער מיט שרעק זעהען, ווי די צייט

פון שלאף קומט אן נעהענטער. ער פלעגט זיך פארשווערען דעם מאל ניט נאכצוגעבען און צו בלייבען אויף די גאנצע נאכט פון שרעק פאר די שלעכטע חלומות. אבער סוף כל סוף פלעגט די מיעדקייט איהם בייקומען. און שטענדיג בגע־גען די משונה'דיגע בעשעפענישען ווידער קומען דוקא דע־מאלט, ווען ער פלעגט זיי אם וויינינגסטען ערווארטען.

שרעקליכע נאכט! אזוי זים פאר די מייסטע קינדער און אזוי שרעקליך פאר אייניגע פון זיי! ער האט מורא געהאט צו שלאפען; ער האט אבער אויך מורא געהאט ניט צו שלאפען. אויפ'ן וואך, אדער אין שלאף איז ער געווען ארומגערינגעלט מיט שרעקענס־בילדער, איינבילדונגען פון זיין אייגענעם מארך: די קליינע געוועבען וואס שווימען ארום אין דעם בין־השמשות פון קינדהייט ווי אין דער שטארקער פינסטערניש פון קראנקהייט. אבער אט די איינגעבילדעטע שרעקענס האבען באלד געמוזט פארשווינדען אין יענעם גרויסען פחד, וואס ליעגט טיעף ביי יעדען מענשען; און וועל־כען דער שכל וויל אומזיסט מאכען צו פארגעסען אדער צו פארלייקענען: אן טוידט.

איין מאָל, ווען קריסטאָף האָט געזוכט אין שאַף, האָט ער זיך אָנגעשטויסן אויף עטליכע זאכען, וועלכע זיינען איהם געווען ניט בעקאנט: אַ קינדערשע קליידעל, אַ טשעפּיקעל אין פּאסען. ער האָט זיי מיט גרויס פּאראַד געבראכט צו זיין מוטער. אבער, אנשטאָט צו שמייכלען, איז זי גאר געוואָרען בייז, און איז אויף איהם ארויפגעפאלען, ער זאָל זיי גלייך אוועקטראָגען צוריק, פון וואַנען ער האָט זיי גענומען. ער אָבער האָט זיך געפוילט צו פאָלגען. ווען ער האָט אָנגעהויבען צו פרעגען. פאר וואָס, האָט זי, ניט ענטפערענדיג, ארויסגעכאפּט די זאכען ביי איהם פון האנט און ארויפגעוואָרפען אויף אַ הויכער פאליצע, וואו ער האָט ניט געקאָנט דערגרייכען. קריסטאָף איז געוואָרען זעהר נייגעריג, און ער איז צוגעשטאנען צו איהר מיט פראַגען. סוף כל סוף האָט זי איהם געמוזט זאָגען, אז דאָס האָט געהערט צו זיינעם אַ קליינעם ברודערל, וועלכער איז געשטאָרבען נאָך איידער ער איז אויף דער וועלט געקומען. דאָס האָט איהם גאָר איבערראשט. ער האָט קיין מאָל ניט געהערט ריידענדיג וועגען דעם ברודער. איין אויגענבליק איז ער געבליבען שטיל, און דאַן האָט ער אָנגעהויבען ווייטער אויסצופרעגען. זיין מוטער איז געווען צושטרייט: זי האָט איהם אבער דאָך געזאָגט, אַז ער האָט געהייסען קריסטאָף, ווי ער, נאָר אז ער האָט געהאט מעהר שכל פאר איהם. ער האָט איהר געשטעלט אַנדערע פראַגען. אבער זי האָט איהם ניט געענטפערט. זי האָט

נאָר געזאָגט, אז ער איז אויפ'ן הימעל און בעט גאָט פאר זיי אלעמען. מעהר האָט קריסטאָף ניט געקאָנט ארויסקריגען פון איהר. זי האָט איהם געהייסען שווייגען און לאָזען ארבייטען. עס האָט אויסגעזעהן, אז זי איז טאקע פערטיעפט אין איהר נייהען. זי האָט געהאט זעהר א פארזאָרגטען פנים און האָט ניט אויפגעהויבען די אויגען. אבער אין א ווייל־ע ארום האָט זי א קוק געטהאָן אויף איהם, אין דעם ווינקעל, וואו ער האָט זיך פאררוקט אָן אָנגעבלאָזענער, האָט אנגעהויבען צו שמייכלען און איהם צערטליך געהייסען געהן זיך שפּיעלען אין דרויסען.

אָט די אבגעריסענע שטיקלעך פון געשפּרעכען האָבען שטארק אויפגערודערט קריסטאָף'ן. הייסט עס, אז עס איז ביי זיין מוטער געווען א קינד, א קליינער אינגעל, ווי ער, מיט דעמזעלבען נאָמען, כמעט אין גאנצען דערזעלבער און ער איז טויט! טויט! — ער האָט ניט געוואוסט גענוי, וואָס דאָס איז אזוינס. ער האָט נאָר געוואוסט, אז עס איז א שרעקליכע זאך — און קיינמאָל האָט מען ניט גערעדט וועגען יענעם אנדערן. ער איז אינגאנצען פארגעסען געוואָרען. צי וועט אויך מיט איהם ניט זיין דאָסזעלבע, ווען עס וועט איהם אויסקומען צו שטארבען? דער געדאנק האָט איהם נאָך געמאַטערט אין אָוועגד, ווען ער איז געזעסען ביים טיש מיט דער גאנצער פאמיליע; און ווען ער האָט זיי געזעהן מאכענדיג שפּאס און רעדענדיג פון גאנץ גלייכגילטיגע זאַכען. הייסט עס, אז מען קען זיין פרעהליך אויך נאָכדעם ווי ער איז געשטארבען. אָ! ער וואָלט קיינמאָל ניט געגלויבט, אז זיין מוטער זאָל זיין אזוי עגאָאיסטיש, זי זאָל קענען לאַכען, נאָכדעם ווי איהר קליינער זוהן איז געשטארבען. ער האָט זיי אלעמען געהאסט. ער האָט חשק געהאט צו וויינען

איבער זיך אַליין, פאַראויס איבער זיין אייגענעם טויט. צו דערזעלבער צייט האָט ער געוואָלט שטעלען אַ רייהע פראַגען, אָבער ער האָט די העזה ניט געהאַט. ער האָט זיך דערמאָנט אָן דעם טאָג, אין וועלכען די מוטער האָט איהם געהייסען שווייגען. צום סוף האָט ער ניט אויסגעהאַלטען, און ווען ער האָט זיך געלעגט, האָט ער אַ פרעג געטהאָן לויזען, וועל־כע איז געקומען צו זיין בעט איהם אַ קוש צו טהאָן:

„מאַמע, איז ער געשלאָפען אין מיין בעט?“

די אָרימע מוטער האָט אַ ציטער געטהאָן. און מיט אַ שטים, וועלכע זי האָט געוואָלט מאַכען גלייכגילטיג, האָט זי געפרעגט:

„ווער?“

„אָט דער קליינער אינגעלע, וואָס איז טויט“ — האָט קריסטאָף געענטפערט שטיל.

די מוטער האָט איהם שטאַרק צוגעדריקט צו זיך.

„שווייג! שווייג!“ — האָט זי געזאָגט.

איהר שטים האָט געציטערט. קריסטאָף, וועלכער האָט זיך מיט'ן קאָפּ אָנגעשפּאַרט אָן איהר ברוסט, האָט געהערט ווי איהר האַרץ האָט געקלאַפּט. אַ מינוט האָבען זיי געשווי־גען, דאַן האָט זי געזאָגט:

„דו זאָלסט מעהר קיין מאָל וועגען דעם ניט ריידען, מיין טהייערער. שלאָף רוהיג. ניין, דאָס איז ניט זיין בעט!“

זי האָט איהם אַ קוש געטהאָן. איהם האָט זיך אויסגע־דוכט, אַז איהרע באַקען זיינען נאַס. ער האָט געוואָלט זיין זיכער אין דעם. איהם איז געוואָרען אַביסעל לייכטער: זי האָט דאָך עגמת נפש דערפון! אין אַ מינוט אַרום האָט ער שוין אין דעם געצווייפעלט, ווען ער האָט איהר געהערט

ריידענדיג אין צווייטען צימער מיט איהר רוהיגער, געוועהנ־ליכער שטים.

וואס איז געווען אמת: וואס פריהער איז געווען אדער וואס איצט? ער האט זיך לאנג ארומגעווארפען אין בעט און האט קיין ענטפער ניט געקענט געפינען. ער האט גע־וואלט, אז זיין מוטער זאל האבען צער. כאטש עס וואלט איהם געקריינקט צו זעהען איהר טרויעריגען פנים, דאך וואלט ער געווען צופריעדען דערמיט, ניט קוקענדיג אויף אלץ: ער וואלט זיך ניט געפיהלט אזוי איינזאם. ער איז איינ־געשלאפען און אויף מארגען האט ער שוין מעהר דערפון ניט געטראכט.

אין עטליכע וואכען ארום איז א אינגעל, מיט וועלכען ער פלעגט זיך שפיעלען אויפ'ן גאס, ניט געקומען אין דער געוועהנליכער צייט. איינער פון דער חברה האט געזאגט, אז ער איז קראנק. און מען האט זיך צוגעוואהנט דערצו איהם ניט צו האבען ביים שפיעלען: זיי האבען געהאט אן ער־קלעהרונג, דאס איז געווען גאנץ איינפאך.

איינמאל אין אוונד איז קריסטאף געלעגען אין בעט. עס איז געווען פריה און פון זיין ווינקעל האט ער געקאנט זעהן די ליכט פון צווייטען צימער. מען האט אנגעקלאפט אין טהיר; א שכנה איז געקומען אביסעל זיך דורכשמועסען. ער האט זיך צוגעהערט צושטרייט, אליין זיך דערצעהה־לענדיג, ווי געוועהנליך, מעשה'לעך. איינצעלנע ווערטער פון געשפרעך זיינען דערגאנגען צו זיין אויער. פלוצלונג האט ער דערהערט ווי די שכנה זאגט: „ער איז געשטארבען“. זיין גאנצע בלוט האט זיך אבגעשטעלט, ווארום ער האט פערשטאנען וועגען וועמען עס האנדעלט זיך. ער האט זיך צוגעהערט, איינהאלטענדיג דעם אטהעם. זיינע עלטערן הא־

בען אַ געשריי געטהאָן און מעלכיאָר'ס הילכיגע שטים האָט אויסגערופען:

„קריסטאָף! דו הערסט? דער אָרימער פּריטץ איז גע־שטאָרבען!"

קריסטאָף האָט זיך אָנגעשטרענגט און געענטפערט רו־היג:

„יאָ, פּאָטער!"

זיין ברוסט איז איהם געווען ווי איינגעצויגען.

מעלכיאָר האָט ווייטער גערעדט:

„יאָ, פּאָפּאַ! איז דאָס אַלץ וואָס דו האָסט צו זאָגען? פאַרדריסט עס דיר גאָר ניט?"

לואיזע, וועלכע האָט דאָס קינד פערשטאַנען, האָט גע־זאָגט:

„לאָז איהם שלאָפען!"

און מען האָט אָנגעהויבען ריידען שטילער. אָבער קריס־טאָף האָט זיך צוגעהערט מיט אָנגעשטעלטע אויערן צו אַלע איינצעלהייטען: די קראַנקהייט, טיפוס, קאַלטע בעדער, דאָס ריידען פון היץ, דער צער פון די עלטערן. ער האָט מעהר ניט געקאָנט אָטהעמען. עפּעס אַ קיילעכדיגע זאַך איז איהם געשטאַנען אין האַלז. עס האָט איהם געשטיקט. עס האָט איהם אויפגעטרייסעלט. אַלע שוידערליכע זאַכען האָבען זיך איינגעדריקט אין זיין מאָרך. איבערהויפּט איז ביי איהם פאַרבליבען, אַז די קראַנקהייט איז אַן אַנשטעקענדיגע, דאָס הייסט, אַז ער קען נאָך אויך אויף אַזאַ אופן שטאַרבען. עס האָט איהם געשווידערט, ווארום ער האָט זיך דערמאָנט, אַז דעם לעצטען מאָל, ווען ער האָט פּריטץ'ן געזעהן, האָט ער איהם די האַנד געגעבען, און איז אין זעלביגען טאָג נאָך פאַר־בייגעגאַנגען פאַר זייער הויז. פון דעסטוועגען האָט ער זיך

געהיט צו מאכען וועלכען עס איז גערויש. כדי ניט צו דאר־פען ריידען. און ווען דער פאטער האט איהם א פרעג געטהאן, נאכדעם ווי די שכנה איז אוועק: „קריסטאף, דו שלאפסט?“ — האט ער ניט געענטפערט. ער האט געהערט ווי מעלכיאר האט געזאגט צו לואיזען:

„דאס קינד האט גאר קיין הארץ ניט!“

לואיזע האט גאר ניט געענטפערט. אבער אין א מינוט ארום איז זי שטיל צוגעגאנגען, האט אויפגעהויבען דעם פאר־האנג אין דער הויך און זיך צוגעקוקט צו דער קליינער בעט. קריסטאף האט קוים צייט געהאט נאכצומאכען דעם גלייכ־מעסיגען אטהעמען פון זיינע שלאפענדיגע ברידער. לואיזע איז צוריק אוועק אויף די שפיץ־פינגער. ווי גערן וואלט ער איהר איינגעהאלטען לעבען זיך! ווי שטארק וואלט ער גע־וואלט איהר זאגען ווי ער שרעקט זיך; און איהר בעטען, אז זי זאל איהם ראטעווען, אדער, אם ווייניגסטען, בערוהיגען! אבער ער האט מורא געהאט, מען זאל איהם ניט בעהאנד־לען ווי א טרוס. און דערצו האט ער שוין געוואוסט, אז וואס מען זאל ניט זאגען, וועט שוין ניט העלפען. און שטונ־דענלאנג איז ער געלעגען אין טויט־שרעק, דיינקענדיג אז ער פיהלט שוין, ווי די קראנקהייט איז צו איהם ארייגעקראָ־בען. מיט וויטאג אין קאפ, מיט קלעמעניש אין הארצען און מיט שרעק האט ער געטראכט: „שוין א סוף! איך בין קראנק. איך האלט ביים שטארבען! איך האלט ביים שטאר־בען!“

איינמאל האט ער זיך אויפגעזעצט אין בעט און האט שטיל א רוף געטהאן די מוטער; אבער זיי זיינען געשלאפען, און ער האט ניט געוואגט זיי אויפצואוועקען.

פון יענער צייט אן איז זיין קינדהייט געווארען פאר־

סמ'ט מיט'ן גערשאנק וועגען טויט. זיינע נערוועז האבען איהם פערשאפט, אהן וועלכע עס איז אורזאך, פיעל ליידען, הארץ קלעמעניש, שטעכעניש און שטיקעניש. זיין פאנטאזיע, גע־מאטערט פון ווייטאגען, האט ביי איהם דעם קאפ אוועקגע־נומען. און אין יעדען שמערץ פלעגט ער זעהן דעם מלאך המות, וואס וויל ביי איהם דאס לעבען אוועקנעהמען. ווי־פיעל מאל האט ער געליטען טויט־שרעק און זיין מוטער, וואס איז געזעסען עטליכע טריט פון איהם, האט פון גאר ניט געוואוסט! ווארום ווי שטארק ער האט זיך ניט געשראקען, האט ער דאך נאך אלץ דעם מוטה געהאט זיין פחד אין זיך צו בעהאלטען צוליעב א געמיש פון געפיהלען: פון שטאלצ־קייט — ניט צו דארפען אנקומען צו אנדערע נאך הילף; פון שאנד — פארוואס ער האט מורא; אויך פון צערטליכקייטס־געפיהלען — ניט צו בעלעסטיגען א טהייערע פערזאן.

אבער ער פלעגט טראכטען אהן אויפהער: דאס מאל בין איך קראנק. דאס הויבט זיך שוין אן די דיפטעריע. ער האט צופעליג געטראפען דעם נאמען דיפטעריע. א גאט! נאר ניט דאס מאל!

ער האט געהאט רעליגיעזע געדאנקען. ער האט גערן געגלויבט אין אלץ וואס די מוטער האט איהם געזאגט: אז נאכ'ן טויט געהט די נשמה ארויף צו גאט און אויב זי איז גוט און פרום געהט זי אריין אין גן־עדן. אבער דער געדאנקען וועגען אזא רייזע פלעגט איהם מעהר שרעקען ווי צוציהען. ער האט גאר ניט מקנא געווען די קינדער, וועלכע גאט בע־לוינט, ווי די מוטער האט דערצעהלט, דערמיט, וואס ער רופט זיי צו זיך אין מיטען פון זייער שלאף, זיי גאר ניט לאזענדיג זיך מאטערן. ער פלעגט ציטערן ביים איינשלא־פען, אז גאט זאל זיך ניט פארוועלען מהאן דאס זעלבע מיט

איהם. עס מוז זיין זעהר שרעקליך פלוצלונג ארויסגעריסען צו ווערען פון א ווארימען בעט און ווערען געשלעפט אין מרחקים, דורך פינסטערניש, אין דער אנוועזענהייט פון גאָט.

ער האָט זיך פאָרגעשטעלט גאָט אלס אן אונגעהייער גרויסע זון, וואָס רעדט מיט א דונערנדער שטים. ווי שטארק מוז עס וועה טהאָן! עס מוז ברענען די אויגען, די אויערן, די גאנצע נשמה. און דערצו קען נאָך גאָט בעשטראפען אויך! מען קען קיינמאָל ניט וויסען. איבריגענס האָט דאָס ניט געשטערט זיינע אלע אנדערע שרעק, וועלכע ער האָט אפילו ניט געקענט געננוי, אבער וועגען וועלכע ער האָט בעקומען א שטיקעל בעגריף פון דאָס, וואָס ער האָט געהערט: דער קערפער אריינגעלייגט אין א קאסטען און אראָבגעלאָזען אויפ׳ן גרונט פון א לאָך, וואָס ער ווערט פארלאָרען אויף יענעם עקעלהאפטען בית־עלמן, אויף וועלכען מען האָט איהם מיטגענומען אום דאָרט תפילה צו טהאָן!...

„גאָט! גאָט! ווי טרויעריג עס איז!“

און דאָך איז גאָר ניט געווען אזא גרויסע שמחה צו לעבען, צו ליידען הונגער, צו זעהן דעם פאָטער א שכ״ר׳ן, צו ווערען בעהאנדעלט גראָב און צו ליידען אויף טויזענדערליי אופנים: פון די שלעכטקייט פון אנדערע קינדער, פון דער באליידיגענדער רחמנות פון די גרויסע, און פון דעם וואָס מען ווערט פון קיינעם ניט פארשטאנען, אפילו ניט פון דער אייגענער מוטער. די גאנצע וועלט ערנידעריגט דיך, קיינער האָט דיך ניט ליעב, און דו ביזט אליין! און דו האָסט נאָך אזא קליינע ווערדע! און דאָך איז עס גראָדע דאָס, וואָס האָט איהם געגעבען אזא לוסט צום לעבען. ער דאָט אין זיך געפיהלט א כח, וואָס האָט געברויזט פון צאָרן. עס איז געווען עפעס א וואונדערבארער כח. ער האָט נאָך קיין זאך

ניט געקענט אויפטהאָן. ער איז נאָך געווען אזוי ווייט, צוזאַ־
מענגעפּרעסט, געבונדען, פּאַראַליזירט; ער האָט אַליין ניט
געוואוסט, וואָס ער פערלאַנגט, און וואָס עס וועט שפּעטער
ווערען פון דעם. אבער דער כח איז געווען אין איהם. דאָס
האָט ער געוואוסט זיכער; ער האָט זיך בעוועגט און גערופען:
„מאָרגען! מאָרגען!" וואָס פאַר א נקמה ער וועט עס נעה־
מען! ער האָט בעקומען א ווילדען פערלאַנג צו לעבען און צו
נעהמען נקמה פאַר די גאַנצע שלעכטסקייט, פאַר אַלע אונ־
גערעכטיגקייטען, און צו בעשטראפען די בייזע און אויפצו־
טהאָן גרויסע זאכען. „אַ! אויב איך וועל נאָר דערלעבען".
ער האָט א ווײַלע נאָכגעטראַכט: — „נאָר ביז אכצעהן
יאָהר!" אן אנדערש מאָל פלעגט ער דערגעהן ביז איין און
צוואַנציג יאָהר. דאָס איז געווען דער ווייטעסטער גרעניץ. ער
האָט געמיינט, אז דאָס וועט פאַר איהם זיין גענוג אום צו
באהערשען די וועלט. ער האָט געטראכט וועגען יענע העל־
דען, וואָס זיינען איהם טהייער געווען: וועגען נאַפּאָלעאָנען,
און וועגען יענעם נאָך ווייטערדיגען, וועלכען ער האָט אם
מייסטען געליעבט: וועגען אַלעקסאנדער דעם גרויסען. זיכער
וועט ער זיין ווי זיי, אויב ער וועט נאָר לעבען נאָך צעהן־
צוועלף יאָהר. עס איז איהם קיין מאָל ניט איינגעפאַלען צו
בעדויערן יענע, וועלכע שטאַרבען צו דרייסיג יאָהר. יענע
זיינען שוין געווען די אַלטע. זיי האָבען שוין גענאָסען פון
לעבען. עס איז זייער שולד געווען, אויב דאָס האָט זיי גע־
פעהלט. אבער איצט שטאַרבען — וואָס פאַר א פערצווייפ־
לונג! עס איז צו טרויעריג צו פארשווינדען צו קליין און צו
פערבלייבען אייביג אין זכרון פון די מענשען אַלס א קליי־
נער אינגעל, וועמען יעדער האָט דאָס רעכט צו זידלען. ביי
דעם געדאנק פלעגט ער וויינען פון ערגערניש, אזוי ווי ער

וואָלט שוין געווען געשטאָרבען.

אָט דער שרעק פאַר'ן טויט האָט איהם געמאַטערט אין די יאָהרען פון זיין קינדהייט, און פאַרלייכטערט איז ער געוואָרען נאָר דורך דעם עקעל פאַר'ן לעבען בכלל און דורך די טרויעריגקייט פון זיין אייגענעם לעבען.

אין מיטען פון אַט דער שווערער פינסטערניש אין דער שטיקענדער נאכט, וואָס האָט איהם ארומגערינגעלט און וואָס איז געוואָרען אלץ געדיכטער פון שעה צו שעה, האָט פאר איהם אָנגעהויבען צו שיינען אַ ליכט, ווי אַ פערלאָרענער שטערן אין דעם פינסטערן שטח — אַ ליכט, וואָס האָט בעדארפט בעלויכטען זיין לעבען : די געטליכע מוזיק.

דער זיידע האָט געשאָנקען די קינדער אן אלטען קלאַוויר, וועלכען זיינער אַ שילער האָט איהם געבעטען צוצונעהמען כדי דערפון פטור צו ווערען; און וועלכען זיין גרויסע געדולד האָט כמעט געבראכט אין אַ גוטען צושטאַנד. די מתנה איז ניט זעהר פריינדליך אָנגענומען געוואָרען. לואיזע האָט גע'טענה'עט, אז דאָס צימער איז שוין אזוי אויך קליין גענוג, ווען מען פילט עס אפילו ניט מעהר אָן. מעלכיאָר האָט געזאָגט, אז דער פאָטער זשאַן־מישעל האָט זיך צוליעב דעם ניט רואינירט: עס איז האָלץ צום ברענען. דער קליינער קריסטאָף איז געווען דער איינציגער, וואָס האָט זיך גערעהט מיט דער נייער זאַך, אליין ניט וויסענדיג פארוואָס. איהם האָט עס אויסגעזעהן ווי אַ צויבער־קאסטען פול מיט וואונדערבארע מעשיות, אזוי ווי עס שטעהט געשריעבען אין בוך פון „טויזענד און איין נאכט", פון וועלכען דער זיידע פלעגט פון צייט צו צייט לייענען פאר איהם עטליכע זייטען צו זייער ביידענס פערגעניגען. ער האָט געהערט, ווי זיין פאָטער האָט דעם זעלבען טאָג אויסגעפּרובירט דעם קלאַ־

וויר, און ארויסגעלאָזען אַ קליין רעגען פון אקאָרדען, אזוי ווי טראָפּענס, וואָס פאַלען פון צווייגען, ווען דער ווינד בלאָזט זיי אָב נאָך אַ רעגען. ער האָט געקלאַפּט מיט די הענד און האָט געשריען: „נאָך!" אבער מעלכיאָר האָט מיט פעראַכ־טונג פערמאַכט דעם קלאַוויר, זאָגענדיג, אז ער טויג אויף גאָר ניט. קריסטאָף איז ניט צוגעשטאַנען.

אָבער זינט דאַן איז ער ניט אָבגעטראָטען פון דעם אינסטרומענט און, ווי נאָר קיינער פלעגט דערביי ניט זיין, פלעגט ער אויפהויבען דעם דעקעל און פאַמעלעך אָנקווע־טשען אַ קלאַווישׁ, אזוי ווי ער וואָלט אָנריהרען מיט די פינ־גער אַ לעבעדיגען שאַלאַכץ פון אַ גרויסען אינזעקט. דאָס וואָלט מאַכען ארויספליהען דאָס לעבעדיגע באַשעפעניש, וואָס געפינט זיך דאָרט איינגעשלאָסען. אמאָל פלעגט ער אין איילעניש צו שטאַרק אַ קלאַפּ טהאָן, און די מוטער פלעגט אָנשרייען: „וועסטו ניט זיין רוהיג? ריהר ניט יעדע זאַך!" אדער ער פלעגט ביים פאַרמאַכען דעם דעקעל איינקוועטשען אַ פינגער. ער פלעגט זיך שטאַרק פארקרימען און זויגען דעם צוגעקוועטשען פינגער.

דאָך זיין גרעסטע פרייד איז געווען, ווען זיין מוטער פלעגט פאַרברייינגען דעם טאָג, ארבייטענדיג אין דער פרעמד, אָדער ווען זי פלעגט אזוי אוועקגעהן אין שטאָדט. ער הערט איהרע טריט ארונטערגעהענדיג די טרעפּ. אָט איז זי שוין אויפ'ן גאַס און ער עפענט דעם קלאַוויר, רוקט צו דעם שטוהל און זעצט זיך ארויף אויף איהם; זיינע פּלייצעס דערגרייכען ביז צו די קלאַווישען. דאָס איז פאַר איהם גענוג. צו וואָס וואַרטען ביז ער איז אליין? קיינער וואָלט איהם ניט שטערן צו שפּיעלען, אויב ער וועט נאָר ניט מאַכען צופיעל גערויש. אבער ער שעמט זיך פאַר אנדערע: ער האָט ניט קיין העזה.

דערצו ריידען זיי און דרעהען זיך ארום, דאָס שטערט דעם פערגעניגען. עס איז א סך בעסער און שענער, ווען מען איז אליין. קריסטאף האלט איין דעם אָטהעם, עס זאָל זיין שטי־לער, און אויך דערפאר, ווייל ער איז אביסעל אויפגערעגט, אזוי ווי בעת מען געהט אויסשיסען פון אן ארעמאט. דאָס הארץ קלאפט ביי איהם, ווען ער לעגט ארויף די פינגער אויף די קלאווישען. אמאָל הויבט ער זיי אויף צוריק נאָכדעם ווי ער האָט שוין איין העלפט אָנ־געדריקט, לייגט ארויף די פינגער אויף אנדערע: צי קען מען וויסען וואָס פאר א טאָן עס וועט ארויסגעהן פון דעם אָדער יענעם קלאוויש? פלוצלונג קומט ארויס א קלאנג! עס זיינען דאָ טיעפע קלאנגען און הויכע, דינע און ברומענדע... דאָס קינד הערט זיך לאנג צו. איינער געהט נאָך די אנדערע, ביז זיי ווערען אָבגעשוואכט און פערשוואונדען. זיי וויעגען זיך אין דער לופט ווי גלאָקען, וועלכע מען הערט, ווען מען איז אין פעלד, בעת זיי ווערען געבראכט נאָהענטער דורכ׳ן ווינד און אָוועקגעטראָגען צוריק; און ווען מען האָרכט זיך גוט צו, הערט מען פון דער ווייטענס נאָך אנדערע שטימען וואָס מי־שען זיך דורך און דרעהען זיך ווי דאָס זשומען פון פלי־הענדע חיה׳לעך. עס זעהט אוים, ווי זיי וואָלטען רופען, דיך שלעפען אין דער ווייטענס, אלץ ווייטער און ווייטער אין דעם געהיימניספולען שטח, וואו זיי לאָזען זיך ארונטער און ווערען פערזונקען. אָט זיינען זיי ווי פערשוואונדען. ניין, זיי מורמלען נאָך... א קליינער צאפּעל מיט די פליגעלעך. ווי משונה׳דיג דאָס אלץ איז! זיי זיינען ווי רוחות... אבער ווי געהאָרכזאם זיי זיינען! פארוואָס האלט מען זיי געפאנגען אין דעם אלטען קאסטען? מען קען גאָר ניט אָנהויבען צו פערשטעהן!

אָבער שענער פאַר אַלץ איז, ווען מען לעגט אַרויף צו דערזעלבער צייט אויף די קלאַווישען צוויי פינגער. מען ווייס קיינמאָל ניט גענוי וואָס עס קען געשעהן. אַמאָל זיינען די צוויי רוחות גאָר שונאים: זיי זיינען בייז, זיי שלאָגען זיך, זיי האסען איינע די אַנדערע, זיי בורטשען איינע אויף די אַנדערע בעליידיגטע. זייער שטים ווערט העכער. אַמאָל שרייען זיי פול מיט גרימצאָרן, אַמאָל פול מיט טרויער. קריסטאָף איז געווען שטאַרק בעגייסטערט. זיי האָבען איהם אויסגעוויזען ווי געשמיעדטע רוחות, וואָס צורייסען די קייטען און רייסען זיך צו די ווענד פון געפענגנים, און ברעכן זיי ענדליך דורך, — ווי עס ווערט דערצעהלט אין די מעשה'לעך — וועגען יענע רוחות, וואָס ליעגען פאַרפּאַקט אין אַראַבישע קעסטלעך, פאַרזיעגעלט מיט שלמה'ס שטעמפּעל. אַנדערע חנפ'ענען זיך צו דיר, זיי פּליסען זיך דיך אָבצונאַרען, אָבער ער זעהט, אַז זיי ווילען דיר נאָר איינבייסען און אַז זיי האָבען היץ. קריסטאָף ווייס אייגענטליך ניט וואָס זיי ווילען! זיי ציהען איהם צו. און אין דערזעלבער צייט טהוען זיי איהם אָן צרות. זיי מאַכען איהם אַזש רויט צו ווערען. — און נאָך אַן אַנדערש מאָל קומען אַרויס טענער, וואָס האָבען זיך האָלט איינע די אַנדערע. זיי נעהמען זיך אַרום אַזוי ווי מען טהוט מיט די אָרימס ווען מען קושט זיך. זיי זיינען גראַציעז און זיס. דאָס זיינען די גוטע רוחות מיט שמייכלענדיגע, גלאַטע געזיכטער. זיי האָבען ליעב דעם קליינעם קריסטאָף און דער קליינער קריסטאָף האָט זיי ליעב. טרערען שטעלען זיך ביי איהם אין די אויגען, ווען ער הערט זיי, און ער ווערט קיין מאָל ניט מיעד זיי צו רופען. דאָס זיינען זיינע פריינד, זיינע טהייערע, צערטליכע פריינד.

אַט אַזוי וואַנדערט דאָס קינד אַרום אין דעם וואַלד

פון טענער, און ער פיהלט ארום זיך טויזענדער אונבעקאנ־טע רוחות, וועלכע לויערן אויף איהם, רופען איהם, כדי איהם צו צערטלען, אדער צו פארשלינגען.

איינמאל האט איהם מעלכיאר איבערראשט. זיין היל־כיגער קול האט איהם, א צושראָקענעם, געמאכט זיך אויפצור־הייבען. קריסטאָף האט געמיינט, אז מען האט איהם געכאפט ביי עפעס א חטא; און ער האט אויף גיך פארשטעלט די אויערן מיט די הענד, כדי צו פארהיטען זיי פון א שרעקלי־כען פאטש. מעלכיאר אבער האט דעם מאל, מעשה נס, זיך ניט געזידעלט. ער איז זאגאר געווען גוט אויפגעלעגט. ער האט געלאכט:

„דאס אינטערעסירט דיך אלזא? יונגאטש איינער!" האט ער איהם א פרעג געטהאן, און פריינדליך איהם א גלעט געטהאן איבער'ן קאָפּ.

„ווילסטו, איך זאל דיר לערנען שפיעלען אויף דעם קלאוויר?"

צי ער וויל!... ער האט ארויסגעמורמעלט העכסט צו־פריעדען: „יא!"

זיי האבען ביידע זיך אוועקגעזעצט ביים קלאוויר. קריסטאָף האט זיך דעם מאל ארויפגעזעצט אויף א פּאָר גראבע ביכער, און אזוי האט ער גאנץ אויפמערקזאם גענו־מען זיין ערשטע קלאוויר־שטונדע. ער האט זיך קוים כל דערוואוסט, אז זיינע זשומענדיגע רוחות האבען משונה'דיגע נעמען, וועלכע באשטעהען פון איינציגע זילבען, אדער גאר פון איינציגע אותיות. ער איז געווען זעהר פערוואונדערט פון דעם. ער האט זיך די זאך גאר אנדערש פאָרגעשטעלט: שעה־נע, צערטליכע נעמען, ווי ביי די פּרינצעסינס אין די מעשה־

לעך. איהם איז גאָר ניט געפעלען געוואָרען די פשוט'קייט מיט וועלכע דער פאטער האָט וועגען זיי גערעדט. דערצו נאָך זיינען זיי גאָר ניט געווען דיזעלבע בעשעפעניששען, בעת מעלכיאור פלעגט זיי ארויסרופען. זיי האָבען עפּעס געהאט גאָר א גלייכגילטיגען אויסזעהן, ווען זיי פלעגען זיך ארויס־קייקלען פון אונטער זיינע פינגער. דאָך איז קריסטאָף געווען צופריעדען זיך צו דערוויסען, וואָס פאר א בעציהונגען עס זיינען פאראן צווישען זיי, דעם פּלאַץ וואָס יעדער איינער פון זיי פערנעהמט, די אקטאַוועס, וועמעס ערשטער מאָן איז עהנליך צו א קיסר, וואָס פיהרט אָן אן ארמעע, אָדער צו א באַנדע נעגערס, וואָס מארשירען אין רייהען. ער האָט מיט פערוואונדערונג דערזעהן, אז יעדער סאָלדאט, אָדער יעדער בעגער קען פון זיין זייט ווערען א קיסר אָדער דער אנפיהר־רער פון א גאַנצער ראָטע סאָלדאטען; אָדער אז מען קען זאָגאר א גאנצען באטאליאָן ארויסשלעפּען פון קלאַוויר פון אויבען ביז אראָב. עס איז איהם געווען אינטערעסאנט צו האַלטען דעם שנור, אויף וועלכען זיי ציהען זיך. אָבער דאָס אַלץ איז געוואָרען נאָך קינדערשער, ווי עס האָט איהם אין אָנהויב אויסגעוויזען: ער האָט ניט געפונען מעהר זיין פער־כשופ'טען וואלד. פון דעסטוועגען האָט ער זיך אָנגעשטרענגט צו לערנען; וואָרום עס איז ניט געווען לאַנגווייליג, און ער איז געווען איבעראשט פון זיין פאטערס געדולד. מעלכיאָר פלעגט גאָר ניט פארמאַטערט ווערען צעהן מאָל צו מאַכען איהם שפּיעלען דאָס זעלבע פון אָנהויב אָן.

קריסטאָף האָט גאָר ניט געקאָנט פערשטעהן פאר וואָס ער גיט זיך אזוי פיעל מיה: זיין פאטער האָט איהם דאָך

האַלט? ווי גוט דאָס איז! דאָס קינד האָט געאַרבייט, און זיין האַרץ איז געווען פול מיט דאַנקבאַרקייט.

ער וואָלט געווען וויינִיגער געהאַרכזאַם, אויב ער וואָלט געוואוסט, וואָס עס קומט פאָר ביי זיין לעהרער אין קאָפּ.

פון יענעם טאָג אָן פלעגט מעלכיאר איהם מיטנעהמען צו זיינעם א שכן, וואו זיי האָבען געשפּיעלט דריי מאָל א וואָך נאָך מיטאָג קאַמער־מוזיק. מעלכיאר האָט געשפּיעלט די ערשטע פידעל, זשאַן־מישעל — וויאָלאָנטשעל. די צוויי אנדערע זיינען געווען: איינער א באַנק־אָנגעשטעלטער, און דער צווייטער — אַן אַלטער זייגערמאַכער פון שילער גאס. פון צייט צו צייט פלעגט צו זיי צושטעהן דער אַפּטייקער מיט א פלייט. מען פלעגט זיך צוזאַמענקומען פינף א זייגער און בלייבען ביז ניין. נאָך יעדען שטיק פלעגט מען טרינקען ביער. שכנים פלעגען קומען און אַוועקגעהן; פלעגען זיך צוהערען שווייגענדיג, אָנגעשפּאַרט לעבען דער וואַנד, פלעגען צושאָקלען מיט'ן קאָפּ, צוקלאַפּען מיט די פיס נאָכ'ן טאַקט און אָנפילען דעם צימער מיט וואָלקענס פון טאַבאַק־רויך. א בלאַט פלעגט געהען נאָך א בלאַט, א שטיק — נאָך א שטיק און די געדולד פון די שפּילער פלעגט ניט אָבגעשוואַכט ווערען. רייד־דען פלעגט מען צווישען זיך גאָר ניט; און מיט דער גאַנצער אויפמערקזאַמקייט איז מען געווען אריינגעטהאָן אין שפּיעלען. זיי פלעגען זיצען איינגעקאָרטשעטע, מיט צוזאַמענגעקנייטשטע שטערענס, און נאָר ווען ניט ווען ארויסלאָזען א צופריעדענעם ברום; ווייל ניט נאָר זיינען זיי געווען אונפעהיג אנדערש אויסצודריקען די שעהנקייט פון א שטיק, נאָר זאָגאר עס צו פיהלען. זיי האָבען געשפּיעלט ניט זעהר ריכטיג און ניט זעהר אין טאַקט; אָבער זיי פלעגען קיין מאָל

ניט אראָבגעהן פון וועג און פלעגן שטרענג נאָכפאָלגען די אנגעוויזענע שאַטירונגען. זיי האָבען פארמאָגט יענע מוזי־קאלישע פעהיגקייטען, וואָס שטעלען זיך לייכט צופריעדען מיט גאַנץ ווייניג: יענע פאָלקאָמענהייט פון מיטעלמעסיג־קייטען, וואָס מען געפינט אזוי פיעל צווישען דער ראַסע, וועלכע רעכענט זיך פאר די מוזיקאַלישסטע אין דער וועלט. אויך האָבען זיי געהאט יענעם קונסט־אַפעטיט, וואָס איז ניט קיין גרויסער אויסקלייבער דוקא אויף דאָס בעסטע, נאָר וואָס זוכט אבי וואָס מעהר; יענעם געזונטען אַפעטיט, פאר וועלכען יעדע מוזיק איז גוט, און וואָס פעטער אַלץ בעסער, און וואס מאכט ניט קיין אונטערשיעד צווישען בראהמס און בעטהאָווען: אָדער אין די ווערק פון זעלבען קאָמפּאָזי־טאָר האָבען זיי ניט מבחין געווען צווישען א קאָנצערט אָהן א שום ווערטה, און א ריהרענדע סאָנאַטע, ווייל זיי זיינעןביידע פון איין טייג.

קריסטאָף האָט זיך געהאלטען אָן א זייט, אין א ווינ־קעל, וועלכער האָט בעלאנגט צו איהם: הינטער דעם קלאַ־וויר. קיינער האָט איהם דאָרט ניט געקאָנט שטערען, ווייל אום צוצוקומען אהין, האָט מען בעדארפט קריכען אויף אַלע פיער. עס איז דאָרט געווען האלב טונקעל, און דאָס קינד האָט געהאט נאָר גענוג פלאַץ צו זיצען צוזאמענגעדרעהט אויף דער פּאָדלאָגע. דער טאַבאַק־רויך איז איהם אריין אין די אויגען און אין האלז, און אויך דער שטויב, וואָס איז געלעגען אויסגעשפּרייט אויף אַלץ אזוי דיק ווי שעפּסען־וואָל. איהם האָט עס אבער ניט געאַרט: און, זיצענדיג ווי א טערק אויף זיינע פיס, האָט ער זיך שטארק צוגעהערט און אין דער זעלבער צייט מיט זיינע שמוציגע פינגער גרעסער געמאכט די לעכער אין דעם צודעק פון קלאַוויר. ניט אַלץ

איז איהם געפעלען געוועזן פון דעם, וואס מען האט גע־שפּיעלט, אבער קיין זאך, וואס זיי האבען געשפּיעלט, האט איהם ניט דערעסען: און ער האט זיך קיין מאל ניט געגעבען די טרחה צו פארמולירען אן אייגענע מיינונג. ער האט געטראכט, אז ער איז נאך צו קליין און פערשטעהט נאך גאר ניט דערפון. אמאל פלעגט די מוזיק איהם איינשלע־פערן, אן אנדערש מאל — איהם אויפמונטערן. אבער קיין מאל איז זי איהם ניט געוועזן אונאנגענעהם. ניט וויסענדיג אליין, פלעגט עס שטענדיג זיין די גוטע מוזיק, וואס פלעגט איהם בעגייסטערן. זייענדיג זיכער, אז קיינער זעהט איהם ניט, פלעגט ער מאכען אלערליי העוויות מיט זיין גאנצען פנים: ער פלעגט דרעהען מיט'ן נאז, קריצען מיט די ציין אדער ארויסשטעלען דעם צונג: פלעגט מאכען בייזע אויגען, אדער זיי אויסגלאצען מיט אן ארויספאדערנדיגער, שטאלצער מינע: ער פלעגט אויך שאקלען מיט די הענד און פיס: און האט חשק געהאט צו מארשירען, צו שלאגען, צו מאכען אש פון דער גאנצער וועלט. ער פלעגט זיך אזוי לאנג ארומ־ווארפען, ביז א קאפּ פלעגט זיך אריבערבייגען איבער דעם קלאוויר און אנשרייען: „היי, יונגאטש! וואס ביזטו דארט משוגע געווארען? — וועסטו צו רוה לאזען דעם קלאוויר? וועסטו צונעהמען די הענד? איך וועל דיר באלד אנרייסען פאר די אויערן!" דאס פלעגט איהם מאכען אי פארשעמט אי בייז. פארוואס שטערט מען זיין פערגניגען? ער האט דאך קיין שלעכטס ניט געטהאן! אלע פארפאלגען איהם! זיין פאטער פלעגט נאך צובאמקען: ער פלעגט איהם פאר־ווארפען, אז ער מאכט אן טומעל, אז ער האט ניט ליעב קיין מוזיק. דער סוף איז געוועזן, אז ער אליין האט אויך אנגעהוי־בען אין דעם צו גלויבען. אט די אנשטענדיגע בעל־מלאכות,

וואָס זיינען דאָ געווען בעשעפטיגט מיט רייבען קאַנ־צערטען, וואָלטען געווען שטאַרק פאַרוואונדערט, אויב מען וואָלט זיי געזאָגט, אַז דער איינציגער אין דער חברותא, וואָס האָט באמת געפיהלט מוזיק איז געווען אָט דער קליי־נער אינגעל.

אויב זיי האָבען געוואָלט, אַז ער זאָל זיך האַלטען רוהיג, פאַרוואָס שפּילען זיי אַזוינע מעלאָדיעס, וואָס רופען אַרויס צום מאַרשירען? עס זיינען דאָרט געווען ווילדע, טראַמפּ־לענדיגע פערד, קלינגענדע שווערדען, מלחמה־געשרייען, און די שטאָלצקייט פון דעם זיעגער; און זיי האָבען גאָר געוואָלט, אַז ער זאָל בלייבען זיצען רוהיג ווי זיי, צושאָקלען מיט'ן קאָפּ, און אָנהאַלטען דעם טאַקט מיט'ן פוס. דערצו האָבען זיי בעדאַרפט שפּיעלען פאַר איהם נאָר זאַנפטע, פאַר'חלומ'טע זאַכען, אָדער אַזוינע פוסטע זאַכען, וועלכע ריידען אום גאָר נישט צו זאָגען. אַזוינס פעהלט ניט אין דער מוזיק. צום ביישפּיעל אָט יענע שטיק פון גאָלדמאַרק, וועגען וועלכע דער אַלטער זייגערמייסטער רעדט נאָך איצט מיט אַ צופריעדענעם שמייכעל:

„דאָס איז שעהן! דאָ זיינען ניט פאַראַן קיין שוועריג־קייטען. אַלע עקען זיינען אַזוי גלאַט...“ ביי דעם איז דער קליינער געווען גאַנץ רוהיג. ער איז געוואָרען זאַגאַר שלע־פעריג, ער האָט ניט געוואוסט, וואָס מען שפּיעלט. ער האָט אפילו אויפגעהערט זיך צוצוהערן; אָבער גליקליך איז ער דאָך געווען: זיינע גלידער זיינען געוואָרען שווער, ער האָט גע'חלומ'ט.

זיינע חלומות זיינען ניט געווען קיין גאַנצע געשיכ־טעס, זיי האָבען ניט געהאַט קיין אָנהויב און ניט קיין סוף. קוים וואָס זיי האָבען געהאַט אַ בעשטימטע פאָרמע: זיין

מוטער, באקענדיג פוטערקוכענס און אבסקראבענדיג מיט א מעסער די פארבליבענע שטיקלאך טייג פון די פינגער; א וואסער־מויז, וועלכע ער האט געזעהן לעצטען אווענד, שווי־מענדיג אין טייך; א בייטש, וואס ער האט געוואלט מאכען פון א ווערבע־צווייג... איין גאט ווייס, פאר וואס די אלע זכרונות זיינען גראדע איצט איהם איינגעפאלען. אבער נאך אפטער פלעגט ער גאר ניט זעהן, און דאך פלעגט ער פיה־לען א גרויסע מאסע זאכען, א גרויסע מאסע גאר וויכטיגע זאכען, וואס מען קען ניט ארויסריידען, אדער וועגען וואס עס איז גאר ניט נויטיג צו ריידען, ווייל מען קען עס צו גוט, און ווייל עס איז פון שטענדיג אן אזוי געווען. עס פלע־גען אויך זיין טרויעריגע, ביז צום טוידט טרויעריגע, בילדער, אבער זיי האבען אין זיך ניט געהאט קיין שמערץ, ווי די וואס מען בעגעגענט אין לעבען; זיי זיינען ניט געוועזן מיאוס און ניט ערנידעריגענד, ווי דאמאלט, ווען קריסטאף קריגט פעטש פון פאטער, אדער ווען ער טראכט, מיט א הארץ קראנק פון שאנדע, וועגען וועלכע עס איז ערנידערונגען. זיי האבען אנגעפילט זיין נשמה מיט א מעלאנכאלישער רוהע. עס זיינען אויך געווען אנדערע, ליכטיגע, וואס האבען פאר־שפרייט א שטראם פון פרייד. קריסטאף פלעגט טראכטען: „ווי אזוי! אזוי, וועל איך שפעטער מאכען!" ער האט ניט געוואוסט, ווי עס איז דאס „אזוי" און ניט פאר וואס ער האט עס געזאגט: נאר ער האט געפיהלט, אז ער מוז דאס זאגען, און אז דאס איז קלאר ווי דער טאג. ער האט גע־הערט דעם גערויש פון ים, צו וועלכען ער איז געווען נאָ־הענט, אבגעטהיילט נאר דורך זאמדבערגלעך. קריסטאף האט קיין אהנונג ניט געהאט, וואס פאר א ים דאס איז, און וואס עס וויל פון איהם. אבער ער איז געווען זיכער, אז ער וועט

אריבער די שטערונגען און דאַמאָלט!... דאַמאָלט וועט אַלץ זיין גוט און ער וועט זיין גליקליך. מעהר קיין זאַך ניט, ווי נאָר צו זיצען גאַנץ נאָהענט און זיך צו פּאַרווייגען אין דעם ברויזען פון זיין שטאַרקער שטים, און אַלע זיינע קליינע ליידען און ערנידערונגען וועלען בערוהיגט ווערען. זיי זיי־נען פאַרבליעבען אויף שטענדיג טרויעריגע. אָבער זיי האָבען מעהר ניט פערשאַפט קיין שאַנד און קיין קריינקונג: אַלץ האָט אויסגעזעהן נאַטירליך, כמעט פול מיט צערטליכקייט.

גאַנץ אָפט איז עס געווען די מיטעלמעסיגע מוזיק, וואָס האָט איהם אַזוי פאַר׳שכור׳ט. די וואָס האָבען די דאָזיגע מוזיק געשריעבען, זיינען געווען אָרימע חברה לייט און האָבען נאָר געזוכט צו פאַרדיענען געלד, אָדער האָבען געוואָלט זיך אליין אבגייסען פון דער פוסטקייט פון זייער לעבען דורך דעם, וואָס זיי פלעגען צוזאַמענשטעלען נאָטען נאָך באַריהמ־טע כללים; אָדער, ווען זיי האָבען געוואָלט זיין אָריגינעל,— להפוך צו די אַנגענומענע כללים. אָבער עס ליעגט אין די טע־נער, אפילו דאַמאָלט, ווען זיי ווערען קאָמפּאָנירט פון א נאַרען, אַזאַ לעבענס־גבורה, דאָס זיי קענען אַרויסרופען א שטורם ביי א נאַאיווער נשמה. עס קען זיין, אז די חלומות וואָס ווערען איבערגעגעבען פון די נאַרען, זיינען נאָך פרייער און געהיימניספולער ווי די, וואָס ווערען אָנגעהויכט פון א מעכטיגען געדאַנק, וואָס רייסט דורך מיט געוואַלד; וואָ־רום די בעוועגונג וואָס שוועבט אַרום אין פוסטען חלל, שטערט ניט דעם גייסט אין זיינע אייגענע בעטראַכטונגען.

אַט אַזוי, פאַרגעסען און פאַרגעסענדיג, פלעגט דאָס קינד פערבלייבען אין ווינקעל, הינטער דעם קלאַוויר, ביז ער פלעגט פּלוצלונג דערפיהלען, ווי מוראשקעס קריכען איהם אַרום

אויף די פּיס; און ער פּלעגט זיך דאמאָלט דערמאָנען, אז ער איז אַ קליין אינגעל מיט בלאָטיגע נעגעל, וואָס האָט דעם נאָז געריבען אין דער וויסער וואנד, האלטענדיג די פּיס אין די הענד.

יענעם טאָג, ווען מעלכיאָר איז אריין אויף די שפּיץ פינגער אין צימער, צו איבערראשען דאָס קינד, וואָס איז געזעסען ביי דעם צו הויכען קלאַוויר, האָט ער איהם בע־טראכט, און פּלוצלינג האָט א געדאנק איהם א בלישץ געטהאָן: „א קליינער וואונדער קינד!"... ווי אזוי האָט ער דאָס וועגען דעם פריהער ניט געטראַכט?... וואָס פאַר אַן אוצר פאַר דער פאַמיליע!... אמת איז אפילו, אז ער וואָלט זיך געקאָנט וועטען, אז דער יונגאטש איז ניט מעהר ווי א קליינער דאָרף־איינגעל, ווי זיין מאמע. אבער פּרובירען קאָסט דאָך גאָר ניט! עס קען דאָך אמאָל טרעפען א גליק! ער וועט מיט איהם ארומפאָהרען איבער גאנץ דייטשלאנד, און פיי־לייכט נאָך, אין אויסלאַנד אויך. דערצו וועט מען נאָך לע־בען א גוטען טאָג, און מען וועט זיך נאָך אריינכאַפּען אין יחוס. מעלכיאָר האָט קיינמאָל ניט פאַרגעסען צו זוכען יחוס אין וואָס ער האָט נאָר געטהאָן, און זעלטען ווען ער פלעגט עס ניט געפינען, נאָכדעם ווי ער פלעגט אביסעל נאָכטראַכטען.

פאַרשטאַרקט אין דעם זעלבסטפערטרויען, האָט ער גלייך נאָכ'ן אָוועטדעסען, נאָך מיט'ן לעצטען ביסען אין מויל, פון דאָס ניי אַוועקגעזעצט קריסטאָפ'ן פאַר'ן קלאַוויר, אום מיט איהם איבערצו'חזר'ן דעם זעלבען אינדערפריהיגען אוראק, ביז די אויגען האָבען זיך ביי איהם צוגעקלעפּט פון מיעדיג־קייט. אויף מאָרגען ווידער דריי מאָל; און אזוי אויך איבער־מאָרגען און יעדען טאָג. קריסטאָף'ן האָט עס באַלד דערעסען.

עס איז איהם זאגאר נמאס געווארען ווי דער טויט, און סוף כל סוף האט ער מעהר ניט אויסגעהאלטען און גענומען רעוואלטירען. עס האט גאר קיין זינען ניט, דאס וואס מען מאכט איהם דא צו טהאן. עס איז דאך באמת ניט וויכטיג צו קענען ארומלויפען וואס שנעלער איבער די קלאווישען, פארבייגענדיג דעם גראבען פינגער, אדער צו מאכען בעוועגליך דעם פיערטען פינגער, וועלכער פלעגט זיך אלץ אנקלעפען אן זיינע ביידע שכנים. ער איז דערפון גאר נערווען געווארען. און עס איז אין דעם גאר קיין שעהנקייט ניטא. א סוף איז געקומען צו די צוויבערליכע קלאנגען מיט די צוציהענדע רוחות! א סוף צו דער וועלט פון טרוימען, וואס האט זיך פאר איהם אויף א וויילע ענטפלעקט!... טרוקענע גאמעס און איינארטיגע, געוועהנליכע איבונגען האבען זיך געביטען איינע נאך די אנדערע אהן א טעם, אזוי ווי די געשפרעכען ביים טיש: שטענדיג וועגען מאכלים און שטענדיג וועגען דיזעלבע מאכלים. דער אינגעל האט אנגעהויבען זיך צוצוהערען אהן אויפמערקזאמקייט צום פאטערס שטונדען. פלעגט מען אויף איהם שטארק אנשרייען, דאן פלעגט ער אין שלעכטער לוינע שפיעלען ווייטער. די קלעפ אין זייט האבען ניט געווירקט. ער פלעגט ווערען נאך מעהר בייז און איינגעשפארט. די קרוין פון דער זאך איז געקומען, ווען ער האט איינמאל געהערט ווי מעלכיאר האט פארנאנדערגעלייגט זיינע פלענער אין נעכסטען צימער. הייסט עס, אז כדי איהם ארויסצושטעלען ווי אן אויסגעדרעסירטע חיה, מאטערט מען איהם אויף אזא אופן, און מען צווינגט איהם א גאנצען טאג קלאפען ארויף און אראב אויף די העלפאנד־ביינדלאך. ער האט אפילו קיין צייט ניט געהאט צו געהען צו זיין ליעבען טייך. וואס האבען זיי זיך אזוי אנגעזעצט אויף איהם? ער

איז געוואָרען אויפגעבראכט, בעלייידיגט, אין זיין שטאָלץ און אין זיין פרייהייטס־געפיהל. ער האָט בעשלאָסען מעהר ניט צו שפּיעלען קיין מוזיק, אָדער צו שפּיעלען אזוי שלעכט, אז דעם פאָטער זאָל עס נמאס ווערען. עס וועט איהם שווער אָנקומען, אבער ער מוז ראטעווען זיין אונאָבהענגיגקייט.

פון דער נעכסטער שטונדע אָן האָט ער אָנגעהויבען אויס־צופיהרען זיין פּלאַן. ער האָט אומישנע זיך געפלייסט צו טרעפען אן דער זייט און צו מאכען פאלש אלע טענער. מעל־כיאָר האָט אויף איהם געשריען, געברילט, און עס האָט אָנ־געהויבען צו האָגלען מיט קלעפּ. ער האָט געהאט א שטארקע ליניקע. ביי יעדען פאלשען טאָן האָט ער מיט איהר אראָבגע־לאָזען א קלאַפּ דעם קינד אויף די פינגער, און צו דערזעלבער צייט אזוי אריינגעשריען איהם אין די אויערן, ווי ער וואָלט איהם וועלען טויב מאכען. קריסטאָף האָט זיך פארקרימט פון ווייטאָג; ער האָט פארביסען די ליפּען אום ניט צו וויינען און האָט מוטהיג ווייטער פאלש געשפּיעלט, בעהאלטענדיג דעם קאָפּ צווישען די פּלייצעס ביי יעדען פּאטש. ער האָט אבער באלד בעמערקט, אז זיין מעטאָדע איז א פאלשע. מעל־כיאָר איז געווען אזוי איינגעשפּארט ווי ער אליין. ער האָט געשוואָרען, אז זיי מעגען אפילו דאָ זיצען צוויי טעג און צוויי נעכט, וועט ער איהם קיין איין פאלשען טאָן ניט מוחל זיין, ביז ער וועט אלץ ניט אויסשפּיעלען ריכטיג. דערצו האָט קריסטאָף שוין צופיעל זיך געפלייסט קיין מאָל ניט צו שפּיע־לען ריכטיג. און מעלכיאָר האָט אָנגעהויבען צו פארשטעהן דעם שפּיצעל, בעת ער האָט דערזעהן ווי דעם קינדס האנד לאָזט זיך שווער אראָפּ אן א זייט פון יעדען קלאוויש. די קלעפּ פון דער ליניקע האָבען זיך פערדאָפּעלט; קריסטאָף האָט ניט געפיהלט מעהר זיינע פינגער. ער האָט ביטער גע־

ווייַנט אין זיך, געבליפּעט און געשלונגען אין זיך די טרערן און בליפּעס. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז ער וועט גאָר ניט אויס־פיהרען, אויב ער וועט אַזוי אַנגעהן ווייטער; און אַז ער מוז זיך בעשליסען אויף אַ פערצווייפעלטען מיטעל. ער האָט זיך אַבגעשטעלט, און, ציטערנדיג פאַראויס פון דעם געדאַנק וועגען דעם שטורם, וואָס זיין ערקלערונג וועט אַרויסרופען, האָט ער מוטיג געזאָגט:

„פּאַפּאַ! איך וועל מעהר ניט שפּיעלען!“

מעלכיאָר איז פון צאָרן שיער ניט צופּלאַצט געוואָרען.

„וואָס? וואָס?“ — האָט ער געשריען און געטרייסעלט איהם פאַר'ן עלענבויגען, ווי ער וואָלט עס וועלען צוברעכען. קריסטאָף, ציטערנדיג אַלץ מעהר און מעהר, האָט אויפגע־הויבען דעם עלענבויגען, אום זיך צו פאַרהיטען פון קלעפּ, און האָט איבערגע'חזר'ט:

„איך וויל מעהר ניט שפּיעלען. ערשטענס וויל איך ניט. מען זאָל מיר שטענדיג שלאָגען און דאָן...“

ער האָט ניט געקאָנט ענדיגען. אַ שרעקליכער קלאַפּ האָט ביי איהם אוועקגענומען דעם אָטהעם. מעלכיאָר האָט גע־ברילט:

„אַזוי גאָר? דו ווילסט ניט ווערען געשלאָגען? ווילסט ניט?“

עס איז געפאַלען אַ האָגעל פון קלעפּ.

קריסטאָף האָט געשריען צווישען די בליפּעס:

„און דאָן... איך האָב ניט האָלט קיין מוזיק! איך האָב ניט האָלט קיין מוזיק!“

ער האָט זיך אַראָבגעגליטשט פון זיין שטוהל. מעלכיאָר האָט איהם גראָב צוריק אוועקגעזעצט, אַ שטאַרקען קלאַפּ געטהאָן מיט די קנעבלאַך אָן קלאַוויר און געשריען:

„דו וועסט שפּיעלען!“
און קריסטאָף האָט געשריען:
„ניין! איך וועל ניט שפּיעלען!“
מעלכיאָר האָט געמוזט דערוויילע זיך ענטזאָגען. ער האָט איהם אַרויסגעוואָרפען הינטער'ן טהיר און האָט איהם אָנגעזאָגט, אַז ער וועט ניט קריגען קיין עסען אַ גאַנצען טאָג, אָדער אַ גאַנצען חודש, ביז ער וועט ניט אויסשפּיעלען אַלע זיינע איבונגען, אַלע, קיין איינציגע זאָל ניט פעהלען. ער האָט איהם אַ בריק געטהאָן מיט'ן פוס און מיט אַ קלאַפּ פאַרמאַכט די טהיר.

קריסטאָף האָט זיך געפונען אויף די שמוציגע, פינסטערע, צופוילטע טרעפּ. אַ צוג־ווינט האָט געבלאָזען פון אַ צובראָכענער שויב, און פון דאַך און פון די ווענד האָט געררונען. קריסטאָף האָט זיך אוועקגעזעצט אויף איינע פון די שמוציגע טרעפּלאַך. דאָס האַרץ האָט געשפּרונגען ביי איהם אין ברוסט פון כעס און אויפרעגונג. שטילערהייט האָט ער געזידעלט דעם פאָטער:

„אַ חיה! אָט וואָס דו ביזט! אַ חיה! אַן אונמענש! יאָ, אַן אונמענש! איך האָס דיך! איך האָס דיך!... אָ, ווי איך וואָלט וועלען, אַז דו זאָלסט שטאַרבען! יאָ, שטאַרבען!“

זיין ברוסט האָט זיך געהויבען. ער האָט מיט פערצווייפלונג געקוקט אויף די שמוציגע טרעפּ, אויף די שפּינוועבס, וואָס האָט זיך געשאָקעלט פון ווינד איבער דער צובראָכענער שויב. ער האָט זיך געפיהלט איינזאַם און פאַרלאָזען אין זיין אונגליק. ער האָט געקוקט אויף דער לאָך צווישען די פאַרענצעס. וואָס וועט זיין אויב ער וועט זיך אַרונטערוואַרפען? אָדער דורכ'ן פענסטער?... וואָס וועט זיין אויב ער וועט זיך נעהמען דעם לעבען, אום זיי צו בעשטראָפען?

וואָס פאַר אַ געוויסענביסע זיי וועלען דאָס האָבען! ער האָט שוין געהערט דעם גערויש פון זיין אראָפּפאַלען פון די טרעפּען. די טהיר אויבען האָט זיך האסטיג געעפענט און צו־שראָקענע שטימען האָבען געשריען: „ער איז אראָבגעפאַלען! ער איז אראָבגעפאַלען!“ טריט זיינען געלאָפען אַרונ־טער די טרעפּ. וויינענדיג האָבען דער פאָטער און די מוטער זיך ארויפגעוואָרפען אויף זיין קערפּער. די מוטער האָט גע־יאָמערט: „דאָס איז דיין שולד! דו האָסט איהם דער־הרג'עט“. דער פאָטער האָט געשאָקעלט מיט די הענד, זיך אויסגעצויגען אויף די קניע, געקלאָפּט מיט'ן קאָפּ אָן וואַנד און געשריען: „איך בין אַן אונמענש!“

די פאָרשטעלונג האָט אביסעל וויכער געמאַכט זיינע ליידען. ער האָט שוין כמעט רחמנות בעקומען אויף זיי פאַר זייער עגמת־נפש. אבער באַלד האָט ער אַ טראַכט געטהאָן, אַז זיי האָבען עס כשר פערדינט און ער האָט הנאה געהאַט פון זיין נקמה.

ווען ער האָט געהאַלטען ביים ענד פון זיין געשיכטע, האָט ער זיך ווידער געפונען אויבען אויף די פינס־טערע טרעפּ.

ער האָט נאָך אַמאָל אַרונטערגעקוקט אונטען, און דער גאַנצער חשק זיך אַרונטערצוּוואַרפען איז שוין געווען פאַרביי. ער האָט אפילו אביסעל אַ ציטער געטהאָן פון שרעק און האָט זיך אבגערוקט פון ברעג, מורא האָבענדיג אראָבצופאַלען. דאַן האָט ער דערפיהלט, אַז ער איז אַ גע־פאַנגענער, אַזוי ווי די אָרימע פייגעלעך אין קלעטקע, אַ גע־פאַנגענער אויף אייביג, וואָס האָט קיין אַנדער זאַך ניט צו טהאָן, ווי נאָר זיך צו צוברעכען דעם קאָפּ, אָדער אַזוי עפּעס זיך אָנצוטהאָן אַ מעשה. ער האָט געוויינט און געוויינט און

געוווישט מיט זיינע שמוציגע הענטלאַך די אויגען, אזוי אז אין איין מינוט איז ער אין גאנצען געוואָרען אויסגעשמירט אין בלאָטע. וויינענדיג האָט ער בעטראַכט די זאכען ארום איהם, און דאָס האָט איהם אביסעל צושטרייט. ער האָט אויפגעהערט א מינוט צו יאמערן, כדי נאָכצוקוקען נאָך דער שפּין וואָס האָט אקאָרשט גענומען זיך באוועגען. דאן האָט ער אויף דאָס ניי אָנגעהויבען וויינען, אבער מיט וויינינגער איבערצייגונג. ער האָט זיך צוגעהערט צו זיין אייגענעם וויינען, און האָט ווייטער געוויינט, ניט וויסענדיג מעהר, פאר וואָס ער טהוט עס. באלד האָט ער זיך אויפגעהויבען, דער פענסטער האָט איהם צוגעצויגען. ער האָט זיך אוועקגעזעצט אויפ'ן ראהם פון פענסטער מיט דער גרעסטער פאר־זיכטיגקייט, אום ניט אראָבצופאלען, און האָט נאָכגעקוקט נאָך דער שפּין, וועלכע האָט איהם אזוי אינטערעסירט, אזוי אבגעעקעלט.

דער רהיין האָט געשטראָמט טיעף אונטען, הארט ביים הויז. פון דעם טרעפּ־פענסטער האָט עס אויסגעוויזען, ווי מען וואָלט שוועבען איבער'ן טייך אין א שווימענדיגען הי־מעל. קיין מאָל האָט קריסטאָף ביים ארונטערשפּרינגען די טרעפּ ניט דורכגעלאָזען די געלעגענהייט זיך צוצוקוקען צום שטראָם; אבער קיין מאָל האָט ער איהם ניט געזעהן אזוי ווי היינט. צרות מאַכען מעהר עמפּפינדליך; אזוי ווי אלץ וואָלט זיך טיעפער איינקריצען אין בליק, נאָך דעם ווי די טרערען האָבען אָבגעוואשען די פארבליבענע שיריים פון די זכרונות. דער טייך האָט דעם קינד אויסגעזעהן ווי א לעבעדיגע באַשעפעניש, א באשעפעניש וואָס לאָזט זיך ניט ערקלערען, אָבער וואָס איז א סך מעכטיגער, איידער אלץ וואָס ער האָט געקענט! קריסטאָף האָט זיך ארונטערגעבויגען, כדי איהם

בעסער צו קענען זעהן. ער האט צוגעקוועטשט דעם נאז מיט'ן מויל צום שויב. וואוהין געהט ער? וואס וויל ער? ער קוקט אזוי פריי, איז אזוי זיכער אין זיין וועג... קיין זאך קען איהם ניט אבהאלטען. צו יעדער צייט: בייטאג, ביינאכט, רעגען אדער זון אויפ'ן הימעל, פרייד אדער לייד אין שטוב, ער געהט זיך רוהיג ווייטער, און עס זעהט אויס ווי איהם וואלט קיין זאך ניט ארען, אזוי ווי ער וואלט ניט וויסען פון קיין צרות, און האט הנאה פון זיין אייגענעם כח. וואס פאר א פרייד איז עס צו זיין ווי ער, צו לויפען דורך די פעלדער, דורך די צווייגען פון די ווערבעס, דורך די קליינע, בליש־צענדיגע שטיינדלאך און ברעקלענדיגע, צושאטענעם זאמד, און וועגען גאר זיך ניט קימערן, פון קיינעם ניט ווערען אונ־טערדריקט און זיין פריי!

דער איינגעל האט זשעדנע געקוקט און זיך צוגעהערט. עס האט אויסגעזעהן, אזוי ווי ער וואלט ווערען מיטגערופען פון טייך, מיטגעשלעפט פון איהם. ווען ער האט צוגעמאכט די אויגען, האט ער געזעהן פארבען: בלוי־גרין, געל, רויט, און גרויסע פליהענדע שאטענס און ברייטע זונענשטראהלען... די בילדער האבען אנגענומען באשטימטע פארמען. אט איז א ברייטע פלאכע לאנד, רייהען שווערע זאנגען בויגען זיך פון א קליין ווינטעל, וואס שמעקט מיט גראז און מיאטע. אר־מעטום בלומען: קארנבלומען, מאהן, פיילכען. ווי שעהן זיי זייענען! ווי זיס איז די לופט! ווי גוט עס איז זיך אויסצו־ציהען אין די געדיכטע, ווייכע גראז!... קריסטאף פיהלט זיך פרעהליך און אביסעל צוטומעלט, אזוי ווי אין די יום־טוב־טעג, ווען דער פאטער גיסט אריין ביי איהם אין גלאז אבי־סעל רהיין־וויין. דער טייך געהט ווייטער. די לאנדשאפט האט זיך געענדערט. איצט זעהט מען בוימער, וואס בייגען

זיך אַריבער איבער׳ן וואַסער. זיכערע, צאַרטע בלעטער, ווי קליינע הענטלאַך, טונקען זיך אָב, דרעהען זיך און בעוועגען זיך אין וואַסער. צווישען די בוימער שפּיגעלט זיך אָב אין טייך אַ דאָרף. דאָרט זיינען פאַראַן קיפּאַריסען־בוימער, און די מצבות פון בית־עלמן שטאַרצען אַרוים פון דער ווייסער וואַנד, וועלכע דער שטראָם וואַשט אַרום. נאָכהער קומען פעלזען, אַ גאַנצע רייהע פון בערג, וויינשטאָקען אויף די משופּה׳דיגע בערג, אַ קליינער סאָסנאַוואַלד, און חורבות פון אַלטע שלעסער... און נאָך אַמאָל פעלדער, זאַנגען, פויגלאָך און זון...

די גרויסע, גרינע מאַסע געהט פאַרביי אַלץ ווייטער, ווי איין איינציגער געדאַנק אָהן כוואַליעס, אָהן פאַלדען אַפילו, גלאַט, מיט פעטע, גלאַנציגע פלעקען. קריסטאָף זעהט מעהר גאָר ניט. ער האָט צוגעמאַכט די אויגען אום בעסער צו קענען הערען.

דער שטענדיגער גערויש מאַכט איהם פול און שווינדעלדיג. ער פיהלט זיך איינגעזויגען אין דעם מעכטיגען אייביגען חלום, וועמעס וועג קיין מענש ווייס ניט. איבער דער רוישיגער טיעפקייט פון טייך טראָגען זיך לייכטע ריטהמען מיט חשק, מיט פרייד. און פון די ריטהמען הויבט זיך אויף אַ מוזיק, ווי דער וויינשטאָק וואָס פלעכט זיך אַרום אַ גראַטע, אַקאָרדען פון זילבערנע שליפלען, וויינענדיגע פידלען, סאַמעט־ווייכע פלייטען מיט רונדע טענער... די לאַנדשאַפט איז פערשוואונדען, דער טייך איז פערשוואונדען. עס בלייבט נאָר אַ מאָדנע זיסע בין־השמשות־לופט. קריסטאָף׳ס האַרץ ציטערט פון אויפרעגונג. וואָס זעהט ער איצט? ליעבליכע פּנים׳ער, אַ קליינע מיידעל מיט ברוינע לאָקען רופט איהם לאַנגזאַם, ווייך און שפּאַטיש. דאָס בלייכע געזיכט פון אַ איינ־

געל קוקט אויף איהם מיט בלויע, מעלאנכאלישע אויגען. אנדערע שמייכלען, אנדערע אויגען: נייגעריגע, ארויספאדערנדיגע, וועמעס בליק מאכט איהם רויט ווערען... צארטע און אומעטיגע אויגען, ווי דער בליק פון א גוטען הונד; אויגען בעטענדיגע און אויגען פול מיט ווייטאג... און א בלייכער פנים פון א פרוי מיט שווארצע האר, מיט א פארמאכטען מויל, מיט אויגען אזוי גרויס, אז זיי פארדעקען דאס געזיכט, אויגען וועלכע האבען זיך אין איהם איינגעגעסען מיט א קראפט וואס טהוט איהם וועה. און די טהייערסטע פון אלע, די וואס האט געשמייכעלט צו איהם מיט איהרע קלאהרע גרויסע אויגען, מיט אביסעל אן אפענעם מויל, מיט קליינע בלישצענדע ציינער... אך! ווי גוט און צארט איז דער שמייכעל! זיין הארץ צוגעהט פון צערטליכקייט! ווי גוט עס איז געליעבט צו ווערען! נאך! שמייכעל צו מיר נאך! געה ניט אוועק! א, וועה געשריען! עס איז שוין פערשוואונדען! אבער עס לאזט איבער אין זיין הארצען א זיסקייט, וואס מען קען ניט אויסדריקען. ניטא מעהר קיין שלעכטסקייט, ניטא קיין רוהיגקייט, ניטא גאר ניט. קיין זאך ניט... נאר א שטילער חלום, ליכטיגע מוזיק, וואס שוועבט ווי די זומער־פעדים אין זונענשטראהל אין א זומער טאג... אבער וואס איז אזוינס געשעהן? וואס זיינען דאס דא דורכגעגאנגען פאר בילדער, וואס מאכען פול דאס קינד מיט א זיסען, שמערצליכען טרויער? ער האט זיי פריהער קיין מאל ניט געזעהן, און דאך קען ער זיי. ער האט זיי דערקענט. פון וואנען קומען זיי? פון וועלכען פינסטערן תהום? פון דעם וואס עס איז שוין געווען, אדער פון דעם וואס וועט נאך זיין?...

איצט איז אלץ פערלאָשען. אלע פאָרמען זיינען פערגאנגען. צום לעצטען מאָל, ווי דורך א לייכטען שלייער, בעוויזט זיך נאָך דער טייך, און זעהט אויס אזוי ווי ער וואָלט זיך טראָגען איבער איהם אין דער לופט. ער איז ארויס פון זיינע ברעגעס, פארדעקענדיג די פעלדער און ציהענדיג זיך פאמעלאך, מאַיעסטעטיש, כמעט ניט ריהרענדיג זיך. און ווייט ווייט, אזוי ווי א שטאָלענער שיין אין האָריזאָנט, ציהט זיך א וואסערדיגע פלאכקייט, ווי א שנור פון ציטערנדיגע כוואליעס. — עס איז דער ים. דער טייך שטראָמט ארונטער צו איהם. און עס זעהט אויס, ווי דער ים וואָלט לויפען איהם אנטקעגען. ער פערלאנגט איהם. ער מוז אין איהם פערשווינדען. די מוזיק שוועבט ארום, די שעהנע ריטהמען פון טאַנץ, זיי שווינגען ארום ווי צוואווילדעט. אלץ ווערט ארייגעצויגען אין זייער טריאומפירענדען קאראהאד. די בעפרייטע נשמה רייסט זיך דורך די לופט, ווי שוואלבען וואָס זיינען פער'שכור'ט פון לופט און טראָגען זיך איבער'ן הימעל מיט גרילצענדיגע געשרייען: פריינד! פריינד! ניטאָ קיין אנדער זאך! אַ אונענדליכער גליק!...

שטונדען זיינען פארביי. דער אווענד איז געקומען. אויף די טרעפ איז געוואָרען נאכט. רעגען־טראָפענס האָבען געמאכט רינגען אויפ'ן קלייד פון טייך, און דער שטראָם האָט זיי טאַנצענדיג אוועקגעטראָגען. מאנכעס מאָל פלעגט א צווייג פון א בוים, אָדער נאָך עטליכע שטיקער פארביישווימען, שטיל, און פלעגען פארשווינדען. די מערדערישע שפין האָט זיך א זאטע צוריקגעצויגען אין פינסטערן ווינקעל.—און דער קליינער קריסטאָף איז נאָך אלץ געזעסען א צוזאַמענגעדרעהטער אויפ'ן ראהם פון פענסטער מיט זיין בלאסען, פארבלאָטיגטען, פון גליק שטראהלענדען פנים. ער האָט געשלאָפען.

**E la faccia del sol nascere ombrata**

PURG. XXX.

און דער פּנים פון דער זון האָט אויסגעזעהן פאר'חושך'ט.

דאנטע קאפּ. 30.

ער האָט געמוזט נאָכגעבען. ניט קוקענדיג אויף זיין הארטנעקיגען און העראישען ווידערשטאַנד, האָבען די קלעפּ דאָך גובר געווען איבער זיין שלעכטען ווילען. דריי שעה יעדען פריהמאָרגען און דריי שעה יעדען נאָכמיטאג פלעגט קריסטאָף מוזען אבזיצען ביי דעם פיינינונגס־אינסטרומענט. איינגעקאָרטשעט פון אנשטרענגונג און ערגערניש, מיט גרויסע טראָפּענס טרעהרען, וואָס פלעגען אראָבריננען איבער די באקען און איבער'ן נאָז, פלעגט ער זיצען. און זיינע קליינע, רויטע הענטלאָך, וואָס זיינען אָפט געווען פערגליווערט פון קעלט, פלעגען פלינק ארומ־לויפען איבער די ווייסע און שווארצע קלאַווישען. ער האָט שטענדיג געפיהלט די געפאהר, אז די ליניקע זאָל זיך ניט אראָבלאָזען ביי יעדער פאלשען טאָן און מורא געהאַט פאר די זידלערייען פון לעהרער, וואָס זיינען פאר איהם געווען נאָך מעהר פערהאסט ווי די קלעפּ. ער האָט געמיינט אז ער האסט די מוזיק. און דאָך פלעגט ער אָנגעהן מיט אזא התמדה, וועלכע האָט ניט געקאָנט ערקלעהרט ווערען מיט דער איינפאכער מורא פאר מעלכיאר'ן. געוויסע ווערטער פון זיידען האָבען געמאַכט אַן איינדרוק אויף איהם. זעהענדיג ווי דער אייניקעל וויינט, האָט דער אלטער ערקלעהרט מיט דער ערנסטקייט, וואָס ער פלעגט אָנהאלטען זאָגאר געגען קינד, אַז עס לוינט זיך אביסעל צו ליידען פאר די שענסטע און איידעלסטע קונסט, וואָס איז געגעבען געוואָרען די מענשען

פאר זייער טרייסט און פאר זייער גלאנץ. און קריסטאף, וועלכער איז געווען דאנקבאר דעם זיידען פאר וואס ער רעדט צו איהם ווי צו א מאן, איז אין דער בעהעלטעניש פון זיין נשמה געווען גערירהרט פון די איינפאכע ווערטער, וואס האבען זיך אזוי גוט צוגעפאסט צו זיין קינדישער פעסטקייט און זיין געבארענעם שטאלץ.

אבער מעהר ווי אלע ארגומענטען זיינען עס געווען די טיעפע זכרונות און געוויסע מוזיקאלישע איינדריקע, וואס האבען איהם ניט ווילענדיג צוגעבונדען אויף לעבען לאנג צו דער פערהאסטער קונסט, געגען וועלכער ער האט אומזיסט פרובירט רעוואלטירען.

אין שטאדט איז געווען, ווי דער מנהג איז אין דייטש־לאנד, א טהעאטער, אין וועלכען מען פלעגט שפיעלען אפע־רעס, קאמישע אפערן, אפערעטען, דראמעס, קאמעדיעס, וואדעווילען און אלץ וואס לאזט זיך שפיעלען, פון אלע מינים און אין אלע סטילען. די פארשטעלונגען פלעגען פאר־קומען דריי מאל א וואך אין אוונד פון זעקס אזייגער ביז ניין. דער אלטער זשאן־מישעל פלעגט אויף קיין פארשטע־לונג ניט פעהלען, און צו אלץ פלעגט ער ארויסווייזען דעם זעלבען אינטערעס. איינמאל האט ער מיטגענומען מיט זיך דעם אייניקעל. מיט עטליכע טעג פריהער האט ער איהם באריכות דערצעהלט דעם אינהאלט פון דער פיעסע. קריס־טאף האט דערפון גאר ניט פערשטאנען, נאר עס איז ביי איהם געבליבען, אז דארט מוזען פארקומען עפעס שרעקליכע מעשים; און, כאטש ער האט געברענט מיט דעם פערלאנג עס צו זעהן, האט ער דאך שטארק מורא געהאט דערפאר, ניט וואגענדיג זיך מודה צו זיין אין דעם. ער האט געוואוסט, אז אין דער פיעסע וועט פארקומען א שטורם, און ער האט זיך

שטאַרק געשראָקען, אַז דער דונער זאָל איהם ניט איינשלינ־
גען. ער האָט געוואוסט, אַז דאָרט וועט פאַרקומען אַ שלאַכט
און ער איז ניט געווען זיכער, אַז מען וועט איהם ניט טויד־
טען. דעם אָוונד פאַר דער פאָרשטעלונג, ביי זיך אין בעט,
האָט ער בעקומען אַן אמת'ן שרעק דערפאַר; און אין טאָג פון
דער פאָרשטעלונג — אַז עפּעס וואָס זאָל ניט דערלאָזען דעם
זיידען קומען. און ווען די שעה איז געקומען נאָהענט און
דער זיידע האָט זיך טאַקי באמת ניט באוויזען, איז ער גע־
וואָרען גאָר אַ פאַרצווייפעלטער און האָט יעדע מינוט גע־
קוקט דורכ'ן פענסטער. ענדליך האָט דער אַלטער זיך באַ־
וויזען און זיי זיינען צוזאַמען אוועק. די האַרץ איז ביי איהם
געשפּרונגען אין ברוסט; דער צונג האָט זיך געקלעפּט צום
גומען און ער האָט אַ וואָרט ניט געקאָנט אַרויסריידען.

זיי זיינען אָנגעקומען אין דער געהיימניספולער געביי־
דע, פון וועלכער מען פלעגט אין דער היים אַזוי אָפט ריי־
דען. ביים אַריינגאַנג האָט זשאַן־מישעל געטראָפען בעקאַנ־
טע; און דער קליינער, וואָס האָט איהם געהאַלטען פעסט
ביי דער האַנד, מורא האָבענדיג איהם צו פאַרלירען, האָט
ניט געקאָנט פערשטעהן, ווי אַזוי קענען זיי דאָס אין אַזאַ
וויכטיגען מאָמענט ריידען אַזוי רוהיג און לאַכען.

דער זיידע האָט זיך אָוועקגעזעצט ברייטלאַך אויף זיין
געוויינליכען פּלאַץ, אין דער ערשטער רייהע, גלייך הינ־
טער'ן אָרקעסטער. ער האָט זיך אַריבערגעבויגען איבער דער
פּאַרענטשע און האָט זיך גלייך אַריינגעלאָזען אין אַ לאַנגען
געשפּרעך מיט דעם באַנדורע־שפּילער. דאָ האָט ער זיך גע־
פיהלט אין זיין סביבה. דאָ האָט זיין מוזיקאַלישע אויטאָרי־
טעט עפּעס בעדייט, און מען האָט זיך צו איהם צוגעהערט;
און ער האָט זיך דערמיט באַנוצט: מען קען זאָגאַר זאָגען, ער

האָט עס מיסברויכט. קריסטאָף איז ניט געווען אין שטאַנד עפּעס צו פערשטעהן. ער איז געווען אין גאַנצען צוברעכען פון ווארטען אויף די פאַרשטעלונג, פון באקוקען דעם טהעאטער־זאַל, וועלכער האָט איהם אויסגעוויזען פּרעכטיג און פון דעם פּובליקום, וואָס האָט זיך געשפּארט און איהם שוידערליך איינגעשראָקען. ער האָט ניט געוואגט אַ דרעה צו טהאָן מיט'ן קאָפּ, ווייל ער האָט געמיינט, אַז אלע־מענס בליקען זיינען אָנגעשטעלט אויף איהם. קאָנוואולסיוו האָט ער געדריקט זיין קליינע היטעל צווישען די קניע און האָט אויסגעשטעלט אַ פּאָר גרויסע אויגען אויפ'ן פּאָרהאַנג.

ענדליך האָט מען דריי מאָל אַ קלאַפּ געטהאָן. דער זיי־דע האָט ארויסגענומען פון קעשענע דעם טעקסטביכעל, אין וועלכען ער פלעגט קיינמאָל ניט פארפעהלען נאָכצוקוקען געוויסענהאפט; אויף אזוי ווייט, אַז ער פלעגט אָפּט ניט באַ־מערקען, וואָס עס געהט פּאָר אויף דער ביהנע; און דער אָר־קעסטער האָט אָנגעהויבען צו שפּיעלען. גלייך פון די ערשטע טענער אָן האָט זיך קריסטאָף געפיהלט בארוהיגט. אין דער וועלט פון טענער איז ער געווען ווי ביי זיך אין דער היים; און פון דעם אויגענבליק אָן זיינען אלע וואונדערבארסטע זאכען פון דער פּיעסע ביי איהם אויסגעקומען נאָטירליך.

דער פּאָרהאנג האָט זיך אויפגעהויבען און עס האָבען זיך ענטפלעקט בוימער פון טראַקטור און ברואים, ניט פיעל מעהר נאָטירליך. דער קליינער האָט געקוקט, פארגאפט פון באוואונדערונג, אבער ניט איבערראשט. און דאָך האָט די פּיעסע זיך אָבגעשפּיעלט אין אַ פאנטאַסטישען מזרח־לאנד, פון וועלכען ער האָט קיין שום אהנונג ניט געהאט. די פּאָע־מע איז געווען אַ געוועב פון אונזיניגע זאכען, אין וועלכע עס איז געווען פאר ניט מעגליך זיך ארויסצוגעפינען. קריסטאָף

האָט קיין זאַך ניט אָנגעהויבען דאָרט צו פאַרשטעהן; ביי איהם האָט זיך אַלץ דורכגעמישט, ער האָט איין פּערזאָן אָנגענומען פאַר א צווייטע, האָט געצויגען דעם זיידען פאַר'ן אַרבעל, כדי איהם צו שטעלען ווילדע פראגען, וועלכע האָבען געוויזען אז ער האָט גאָר ניט פערשטאַנען. און פונדעסטוועגען איז ער געווען וויים פון דעם זיך צו פיהלען לאַנגווייליג; ניין, ער איז זאָגאַר געווען לייִדענשאַפטליך פאַראינטערעסירט. אויף דעם נאַרישען טעקסט האָט ער אויפגעבויט א ראָמאַן פון זיין אייגענער ערפינדונג, וואָס האָט ניט געהאט קיין שום שייכות צו דעם, וואָס מען האָט געשפּיעלט. יעדע מינוט האָבען די געשעהענישען איהם אַבגעלייקענט און ער האָט זיי געמוזט איבערמאַכען, אבער דאָס האָט איהם ניט געאַרט. ער האָט זיין אויסוואַהל שוין געמאכט צווישען די פּערזאָנען, וואָס האָבען זיך באַוועגט אויף דער ביהנע; און מיט ציטערניש האָט ער נאָכגעפאָלגט דעם שיקזאַל פון די, וועמען ער האָט געשאָנקען זיין סימפּאַטיע. מעהר פאַר אַלעמען האָט איהם פאַרדרעהט דעם קאָפּ שוין אַן עלטערע פרוי מיט לאַנגע, העלבלאָנדע האָר און איבערנאַטירליך גרויסע אויגען, וואָס איז אַרומגעלאָפען מיט באַרוויסע פיס. די אונגעלומפּערטקייטען פון דער סצעניררונג האָבען איהם ניט געשטערט: זיינע שאַרפע, קינדערשע אויגען האָבען ניט באַמערקט: ניט ווי משונה'דיג מיאוס עם זיינען די גרויסע, פעטע אַקטיאָרען; ניט ווי ניט פּאַסיג עס זיינען אין יעדען פּרט די כאָריסטען פון כל המינים, וואָס זיינען געווען אויסגעשטעלט אין צוויי רייהען, מיט זייערע נאַרישע בעוועגונגען, זייערע, פון די קולות רויט געוואָרענע פּנימ'ער און מיט זייערע גרויסע פּאַרוקען; אויך ניט די הויכע קנאַפּעל פון טענאָר און ניט די שמינקע, וואָס איז געווען אָנגעשמירט מיט פיעלפאַר־

בינע פענזלאך אויף דעם פנים פון זיין שעהנהייט. ער האט זיך געפונען אין א צושטאנד פון א פערליעבטען, וועמען זיין ליידענשאפט דערלאזט ניט צו זעהן דעם געליעבטען אזוי ווי ער איז באמת. דער וואונדערבארער כח פון אילוזיעס, וואס איז אזוי נאטירליך ביי קינדער, האט צוריקגעהאלטען אלע אונאנגענעהמע איינדרוקען און זיי איבערגעאנדערשט נאך זיין פערלאנג נאך.

מעהר פאר אלץ איז עס געווען די מוזיק, וואס האט דעם וואונדער אויפגעטהאן. זי האט אלץ איינגעטונקט אין א נעבעלדיגער אטמאספערע, אין וועלכער אלץ איז געווארען שעהן, איידעל און ווי געוואונשען. זי האט אריינגעהויכט אין דער נשמה דעם פערלאנג צו ליעבען; און אין דערזעלבער צייט האט זי פארשפרייט פון אלע זייטען די איינבילדונגען פון ליעבע, כדי אויסצופילען די פוסטקייט, וואס זי אליין האט געשאפען. דער קליינער קריסטאף איז געווען אויסער זיך פון אויפרעגונג. געוויסע ווערטער, בעוועגונגען און מוזיקא־לישע פראזען האבען איהם פארשאפט אן אונאנגענעהמען געפיהל; ער האט ניט געוואגט אויפצוהויבען די אויגען און האט ניט געוואוסט, צו דאס איז גוט אדער שלעכט און איז באלד רויט געווארען, באלד בלאס געווארען; אין געוויסע מאמענטען האבען טראפענס שוויים זיך באוויזען ביי איהם אויפ'ן שטערן און ער האט געציטערט, אז דער גאנצער עולם זאל ניט באמערקען זיין צרה. ווען די אונפערמיידליכע אונ־גליקען זיינען געקומען אין פערטען אקט פון דער פיעסע און האבען זיך אראפגעלאזען אויף די געליעבטע, כדי צו געבען א געלעגנהייט דעם טענאר און די פרימאדאנא ארויסצואווייזען דעם גלאנץ פון זייערע הויכע טענער, האט דאס קינד געמיינט, אז עס ווערט דערשטיקט. עס האט

איהם ווען געטהאָן אין האַלז, ווי ער וואָלט זיך פארקיהלט; ער האָט זיך געכאַפּט מיט'ן האַנד פאַר'ן גאָרגעל; ער האָט ניט געקאָנט אַרונטערשלינגען די שפּייאַכץ; טרעהרען האָ־בען איהם געשטיקט; זיינע הענד און פיס זיינען געווען אייז קאַלט. צום גליק איז דער זיידע געווען ניט פיעל וויניגער אויפגערעגט. ער האָט הנאה געהאַט פון טהעאַטער מיט אַ קינדישער נאַאיוויטעט. ביי דראַמאַטישע פּאַסירונגען פלעגט ער כלומרשט גלייכגילטיג צוהוסטען, כדי צו בעהאַל־טען זיין אויפרעגונג. קריסטאָף האָט עס אָבער גוט באַמערקט און דאָס האָט איהם פאַרשאַפט גרויס פאַרגניגען. עס איז געווען שרעקליך הייס. קריסטאָף'ן האָט געכאַפּט דרעמ־לען און דאָס זיצען איז איהם געווען זעהר ניט בעקוועם. ער האָט אָבער נאָר איין זאַך געטראַכט: „וועט עס נאָך לאַנג דויערן? הלואי זאָל עס קיין סוף ניט נעהמען!" און דאָך איז מיט אַמאָל אַלץ געווען געענדיגט און ער האָט ניט אָנ־געהויבען וויסען פאַרוואָס. דער פאָרהאַנג האָט זיך אַראָבגע־לאָזען, אַלע האָבען זיך אויפגעהויבען, דער כשוף איז געווען צושטערט.

זיי זיינען געגאַנגען צוזאַמען דורך דער נאַכט אַהיים, די ביידע קינדער, דער אַלטער און דער קליינער. וואָס פאַר אַ שעהנע נאַכט! וואָס פאַר אַ שטילע לבנה־שיין! ביידע האָ־בען געשוויגען, איבער'חזר'נדיג אַלץ אין זייער זכרון. סוף כל סוף האָט דער אַלטער אַ פרעג געטהאָן: „ביזטו צופריעדען, קליינער?"

קריסטאָף האָט ניט געקאָנט ענטפערן. ער איז נאָך גע־ווען אין גאַנצען פאַרכאַפּט פון זיין אויפרעגונג, און ער האָט ניט געוואָלט ריידען, כדי ניט צוצושטערן דעם צויבער; ער

האָט געמאַכט אַ גרויסע אָנשטרענגונג און האָט אַרויסגעמור־מעלט גאַנץ שטיל און מיט אַ טיעפען זיפץ:

„אַה, יאָ!“

דער אַלטער האָט אַ שמייכעל געטהאָן. אין אַ ווײלע אַרום האָט ער ווידער אָנגעהויבען:

„זעהסטו, וואָס פאַר אַ וואונדערבאַרע מלאכה עס איז צו זיין אַ מוזיקאַנט? צי איז גאָר פאַראַן אַ פּרעכטיגערע זאַך ווי צו שאַפען אַזוינע געשטאַלטען, אַזוינע וואונדערבאַרע פאָרשטעלונגען? דאָס הייסט דאָך זיין אַ גאָט אויף דער ערד.“

דער קליינער איז געוועזען איבערראַשט. ווי! אַ מענש האָט דאָס אַלץ געשאַפען! וועגען דעם האָט ער גאָר ניט גע־טראַכט. איהם האָט זיך פריהער געדוכט ווי דאָס אַלץ וואָלט פון זיך אַליין געוואָרען, ווי דאָס וואָלט געוועזען די שאַפונג פון דער נאַטור... אַ מענש, אַ מוזיקאַנט, אַזוי ווי ער וועט אַמאָל אַליין זיין. אַה! דאָס כאָטש איין טאָג צו זיין, כאָטש נאָר איין איינציגען טאָג! און נאָכדעם אַלץ וואָס מען וועט וועלען! שטאַרבען, אויב עס וועט זיין נויטיג. ער האָט אַ פרעג געטהאָן:

„און דו, זיידע?“

דער אַלטער האָט אַ ציטער געטהאָן.

— „וואָס?“ האָט ער אַ פרעג געטהאָן.

„האָסטו אויך געמאַכט אַזעלכע זאַכען?“

— „געוויס“—האָט דער אַלטער אַ ברום געטהאָן מיט אַ בייזלאַכער שטים.

ער איז אַנטשוויגען געוואָרען, און נאָך עטליכע טריט האָט ער טיעף אָבגעזיפצט. דאָס איז געוועזען איינע פון זיינע בעהאַלטענע וואונדען. ער האָט שטענדיג געגאַרט

עפּעס וואָס אָנצושרייבען פאַר׳ן טהעאַטער און די געטליכע השפּעה האָט איהם שטענדיג אָבגענאַרט. ער האָט אפילו בעהאַלטען ביי זיך אין פּאָרטפּייל א פּאָר אקטען וואָס ער האָט אָנגעשריבען; אבער ער האָט אזוי וויניג זיך גענאַרט וועגען זייער ווערטה, דאָס ער האָט קיין מאָל ניט געוואגט עס צו ווייזען א פרעמדען אום צו הערען זיין מיינונג.

זיי האָבען מעהר א וואָרט ניט אויסגערעדט ביז זיי זיינען א היים געקומען. קיינער פון זיי האָט ניט געקאָנט איינשלאָפען. דעם אַלטען האָבען געמאַטערט זיינע ווייטאָגען און כדי זיך צו טרייסטען, האָט ער זיך גענומען פאַר זיין ביבעל. — קריסטאָף האָט ביי זיך אין בעט נאָך אמאָל איבערגעלעבט אַלע פּאַסירונגען פון אָוונד; ער האָט זיך דערמאָנט אַלע איינצעלהייטען און די מיידעל מיט די באַרוועסע פיס האָט זיך ווידער באַוויזען פאַר איהם. ווען ער האָט געהאַלטען ביים איינשלאָפען, האָט איין שטיק פון דער מוזיק אזוי דייטליך געקלונגען ביי איהם אין די אויערן, אזוי ווי דער אָרקעסטער וואָלט דאָ אויף אָן אָרט געווען; עס האָט איהם געטרייסעלט; ער האָט זיך אויפגעהויבען פון קישען; דער קאָפּ איז געווען פאַר׳שכור׳ט פון דער מוזיק און ער האָט געטראַכט: „ווען עס איז, וועל איך אויך עפּעס אזוינס אָנשרייבען, אה! וועל איך עס ווען עס איז קענען טהאָן?“

פון דעם אויגענבליק אָן האָט ער געהאַט נאָר איין פערלאַנג: ווידער צו קומען אין טהעאַטער; און ער פלעגט זיך נעהמען פאַר דער ארבייט מיט דער גרעסטער התמדה, ווען מען פלעגט איהם צוזאָגען טהעאַטער אַלס באַלוינונג. ער האָט מעהר וועגען קיין זאַך ניט געטראַכט: איין האַלבע וואָך פלעגט ער חלומ׳ען וועגען דער פאָרשטעלונג, וואָס ער האָט געזעהן, און אין דער צווייטער האַלבע וואָך פלעגט ער

חלום'ען וועגען דער פארשטעלונג, וואס וועט קומען. ער פלעגט מורא האבען, טאמער וועט ער קראנק ווערען פאר דער פארשטעלונג; און פון מורא פלעגט ער אפט פיהלען מיט אמאל די סימפטאמען פון דריי אדער פיער קראנקהייטען מיט אמאל. ווען דער טאג פלעגט קומען, פלעגט ער ביים מיטאג גאר ניט עסען; ער פלעגט ברענען ווי אין פייער, פלעגט פופציג מאל קוקען אויפ'ן זייגער און עס פלעגט זיך איהם דאכטען, אז דער אווענד וועט קיין מאל ניט קומען; צום סוף פלעגט ער שוין ניט קענען מעהר אויסהאלטען און אוועקגעהן מיט א שעה פריהער איידער מען עפענט די קאסע: פלעגט ער זיין דער ערשטער אין ליידיגען טהעאטער זאל. פלעגט ער ווידער האבען פון וואס צו ווערען אונרוהיג. דער זיידע האט איהם דערצעהלט, אז צוויי אדער דריי מאל, ווען עס איז ניט געווען גענוג פובליקום, האבען די אקטיארען בעסער צוריקגעצאהלט דאס געלד און ניט געשפיעלט. ער פלעגט נאכקוקען יעדען אריינקומענדען, זיי צעהלען און זיך טראכטען: „דריי און צוואנציג, פיער און צוואנציג, פינף און צוואנציג — אה, דאס איז ניט גענוג... עס וועט קיין מאל ניט זיין גענוג"! דאך, ווען ער פלעגט דערזעהן אין די ערש־טע רייהען פון פארקעט א וויכטיגע פערזענליכקייט, פלעגט איהם ווערען גרינגער אויפ'ן הארצען; ער פלעגט זיך טראכ־טען: „אט דעם וועלען זיי ניט וואגען אוועקצושיקען. פאר איהם וועלען זיי געווים שפיעלען". ער פלעגט אבער ניט זיין אינגאנצען איבערצייגט אין דעם און ער פלעגט זיך פיהלען אין גאנצען זיכער נאר דאמאלט, ווען די מוזיקאנטען פלע־גען פארנעהמען זייערע פלעצער. ער פלעגט אויך מורא הא־בען ביז'ן לעצטען אויגענבליק, אז מען זאל ניט אויפהויבען דעם פארהאנג און לאזען וויסען, אז די פארשטעלונג איז גע־

ענדערט, ווי עס האָט שוין איין אָוועגד פּאסירט. ער פּלעגט זיך צוקוקען מיט דער שאַרפער ראיה פון זיינע קינדערשע אויגען צו דעם שטענדער פון באַנדוריסט, אויב דאָס טיטול־בלאַט פון דעם מוזיק־העפט איז פון דאָס שטיק, וואָס ער ער־ווארט. און ווען ער פּלעגט עס אפילו גאַנץ קלאָהר זעהן, פּלעגט ער דאָך אין א פּאָר מינוט ארום פון דאָס ניי זיך איינקוקען, אום צו זיין זיכער, אז ער האָט קיין טעות ניט געהאַט. דער קאַפּעלמייסטער איז נאָך ניטאָ — ער איז גע־ווים קראַנק. מען איז עפּעס אויפגערעגט הינטער'ן פאָרהאנג, עס הערט זיך דער גערויש פון קולות און פון שנעלע טריט — דאָס איז געווים עפּעס א סבה, א ניט פאראויסגעזעהע־נער אונגליק?... אבער אָט איז ווידער שטיל געוואָרען. דער קאַפּעלמייסטער שטעהט אויף זיין פּלאַץ. אלץ, ווייזט אוים, איז סוף כל סוף פאַרטיג. מען הויבט אבער ניט אָן! וואָס איז אזוינס געשעהן? — ער ברענט פון אונגעדולד — ענד־ליך הערען זיך די סיגנאַלען. זיין הארץ קלאַפּט. דער אָר־קעסטער הויבט אָן דעם פאַרשפּיעל; און אין פערלויף פון עטליכע שעה שווימט קריסטאָף ארום אין גליקזעליגקייט, וועלכע ווערט פאַרוואָלקענט נאָר פון דעם געדאַנקען, אז עס וועט דאָך קומען דערצו א סוף.

אין אַ געוויסער צייט ארום איז פארגעקומען אַ מוזיקאלישע פאסירונג, וואָס האָט קריסטאָף'ס געדאנקען נאָך מעהר אויפגערעגט. פראנץ־מארי האסלער, דער קאָמפּאזיטאר פון יענער ערשטער אָפּערא, וואָס האָט איהם אזוי שטארק צורודערט, האָט געדארפט קומען. ער האָט געדארפט דיריזשירען אַ קאָנצערט, וואָס מען האָט גענעבען פון זיינע ווערק. די שטאָדט האָט געקאָכט. מען האָט וועגען אָט דעם יונגען גאון זיך זעהר שטארק ארומגעריסען אין דייטשלאנד, און אין פערלויף פון 14 טעג האָט מען געהאלטען אין איין ריידען נאָר וועגען איהם. גאנץ אנדערש איז אבער געוואָרען, ווען ער איז ענדליך געקומען. מעלכיארס פריינד און די פריינד פון אלטען זשאַן־מישעל זיינען נאָכאַנאנד געקומען הערען עפּעס נייעס, און זיי פלעגען אוועקטראָגען גוזמא'דיגע ערצעהלונגען וועגען זיינע מוזיקאלישע געוואָהנהייטען און זיינע משוגעת'ן. דאָס קינד האָט זיך צוגעהערט צו די ערצעהלונגען מיט אַ ליידענשאפטליכער אויפמערקזאמקייט. דער געדאנקען, אז דער גרויסער מאַן געפינט זיך דאָ אין שטאָדט, אז ער אטהעמט מיט דערזעלבער לופט, טרעט אויף דיזעלבע טראטוארען, האָט איהם אריינגעבראכט אין אַ צושטאנד פון שטומער אויפרעגונג. ער האָט געלעבט נאָר נאָך מיט דער האָפענונג איהם צו זעהן.

האסלער איז פארפאָהרען אין פּאלאַץ, וואו דער גרויספירשט האָט איהם ארויסגעוויזען גאסטפריינדשאפט. ער

פֿלעגט זיך בעווייזען נאָר אין טהעאַטער צו דיריזשירען די רעפּעטיציעס פאר'ן קאָנצערט, צו וועלכע קריסטאָף איז ניט צוגעלאָזען געוואָרען. און אזוי ווי ער האָט זעהר האָלט געהאט זיך צו געבען וויגאָדע, פֿלעגט ער פֿאָהרען און קומען אין דעם פירשט'ס קארעטע. קריסטאָף האָט דערפאר ווייניג געלעגענהייט געהאט איהם צו זעהן. נאָר איין איינציג מאָל האָט איהם זיך איינגעגעבען ביים פארבייפֿאָהרען צו כאַפּען א בליק טיעף אין דער קארעטע אויף זיין פּעלץ, כאָטש ער פֿלעגט פארברייגגען גאנצע שטונדען צו ווארטען אויף דער גאַס, זיך שטויסענדיג, מיט די הענד און מיט די פיס נאָך רעכטס און לינקס, פֿון פֿאָרענט און פֿון הינטען, אום זיך צו דערשלאָגען און אָנצוהאלטען זיין פּלאַץ אין דער ערשטער רייהע פֿון די צוקוקער. ער האָט זיך געטרייסט דערמיט, וואָס ער פֿלעגט פארברייגגען האלבע טעג ביי די פענסטער פֿון פּאַלאַץ, אויף וועלכען מען האָט איהם אָנגעוויזען, אז דאָרט געפינט זיך דער קאָמפּאָזיטאָר. געוויינליך פֿלעגט ער זעהן נאָר די פֿאָרהאנגען, ווארום האסלער פֿלעגט שפּעט אויפשטעהן און די פענסטער פֿלעגען פערבלייבען א גאנצען פארמיטאג צוגעמאכט. אָט דערפאר האָבען טאקי בעהאוונטע מענשען דערצעהלט, אז האסלער קען ניט פארטראָגען דעם טאָג און אז ער לעבט אין אן אייביגער נאכט.

ענדליך איז קריסטאָף'ן באַשערט געווען זיך צו דערנעהענטערען צו זיין העלד. דאָס איז געווען אין טאָג פֿון קאָנצערט. די גאנצע שטאָדט איז דאָרט געווען. דער גרויספירשט און דער הויף זיינען געזעסען אין דעם פירשט'ס לאזשע, איבער וועלכער צוויי רונדיגע כרובים מיט קיילאכדיגע פּיסלאך האָבען געהאלטען אין דער לופט א קרוין. דער טהעאַטער האָט געהאט א פֿאַראַדנעם אויסזעהן.

די ביהנע איז געווען אויסגעפּוצט מיט צווייגען פון דעמבע בוימער און מיט בליהענדע לארבער. אלע מוזיקאנ־טען מיט א שטיקעל נאָמען האָבען געהאַלטען פאר א כבוד צו נעהמען אנטהייל אין אָרקעסטער. מעלכיאר איז געווען אויף זיין פּלאַץ און זשאן־מישעל האָט דיריזשירט די באַרען.

ווען העסלער האָט זיך באוויזען האָט פון אלע זייטען זיך אויפגעהויבען א בראוואָ פּאטשעריי און די דאמען האָ־בען זיך אויפגעהויבען אום איהם בעסער צו קענען זעהן. קריסטאָף האָט איהם איינגעשלונגען מיט די אויגען. האסלער האָט געהאַט א יונגע, שעהנע געזיכט, אבער שוין אביסעל אבגעלעבט און פארמאטערט. די שלייפען זיינען געווען קאהל און א פריהצייטיגער פּליך האָט זיך ארויסגעוויזען פון אונטער די בלאָנדע, געקרויזטע האאר. זיינע בלויע אויגען האָבען געהאַט א ניט באשטימטען בליק. ער האָט געהאַט קליינע בלאָנדע וואנצעס און אן אויסדרוקספולע מויל, וועל־כע האָט זעלטען ווען גערוהט, נאָר שטענדיג געצוקט פון טויזענדער ניט באמערקבארע בעוועגונגען. ער איז געווען הויך געוואַקסען און האָט זיך שלעכט געהאַלטען, ניט פון פערלע־גענהייט, נאָר פון פארמאַטערטקייט, אָדער פון לאנגווייליג־קייט. ער האָט דיריזשירט מיט א קאפּריזנער לייכטקייט, זיך וויגענדיג מיט זיין גאנצען לאנגען קערפּער, באַלד מיט ליעבליכע, באַלד מיט רויהע בעוועגונגען, פּונקט ווי זיין מוזיק. מען האָט געקאָנט זעהן, אז ער איז אונגעוויינליך נערוויז און זיין מוזיק איז געווען א געטרייע אבשפּיגלונג פון איהם. אָט דער ציטערנדיגער, קאפּריזנער לעבען האָט טיעף זיך איינגעדרונגען אין דער געוויינליכער גלייכגילטיג־קייט פון אָרקעסטער. קריסטאָף האָט שווער געאָטעמט; ניט

קוקענדיג אויף די מורא, אז מען זאָל אויף איהם ניט קוקען, האָט ער דאָך ניט געקאָנט בלייבען זיצען שטיל אויף אן אָרט. ער האָט זיך ארומגעדרעהט, האָט זיך אויפגעהויבען און די מוזיק האָט איהם פארשאַפט אזוינע שטארקע אונערוואַרטע־טע אויפרעגונגען, אז ער האָט זיך געפיהלט געצוואונגען צו ארבייטען מיט'ן קאָפּ, מיט די הענד און מיט די פיס — צום גרויסען שרעק פון זיינע שכנים, וועלכע האָבען געזוכט מיט וואָס זיי האָבען געקאָנט זיך צו באַשיצען געגען זיינע אַנפאַ־לען. איבעריגענס איז דאָס גאַנצע פּובליקום געוועזן בע־גייסטערט און פיליכט מעהר מיטגעריסען דורך דעם ער־פאָלג, איידער פון דעם ווערק אליין. צום ענד האָט אויסגע־בראָכען אַ שטורם פון בעגייסטערונג און געשרייען, אין וועלכען די טראָמפּייטען פון אָרקעסטער האָבען, לויט דעם דייטשען מנהג, זיך אריינגעמישט מיט זייערע טריאומפירענ־דע קולות, אום צו באגריסען דעם זיעגער. קריסטאָף האָט געציטערט פון שטאָלץ, אזוי ווי דער גאנצער כבוד וואָלט געוועזן פאר איהם. ער האָט זיך מיטגעפרעהט, זעהענדיג ווי האסלערס געזיכט לייכט מיט אַ קינדערשער צופרידענהייט. די דאַמען האָבען געוואָרפען בלומען, די מענער האָבען גע־פאָכעט מיט זייערע היט; און דאָס גאַנצע פּובליקום האָט זיך געוואָרפען צו דער ביהנע. יעדערער האָט געוואָלט דריי־קען דעם קינסטלער די האנד. קריסטאָף האָט געזעהן, ווי איין ענטוזיאסטישע דאַמע האָט צוגעדריקט דעם קינסטלער'ס האנד צו איהרע ליפּען, און אַן אַנדערע האָט צוגענומען צו זיך האסלערס נאָזטיכעל, וועלכע ער האָט איבערגעלאָזען אויף אַ ווינקעל פון זיין שטענדער. ער האָט אויך געוואָלט זיך צושטופּען צו דער ביהנע, כאָטש ער האָט ניט געוואוסט פאר וואָס; וואָרום, וואָלט ער אין דעם אויגענבליק זיך גע־

פונען באהענט לעבען האסלער׳ן, וואלט ער גלייך אנטלאפען פון אויפרעגונג און פון שרעק. אבער, ווי אן עקסעל, האט ער זיך געשטויסען מיט׳ן קאפ אין אלע קליידער און פיס, וואס האבען איהם אבגעטהיילט פון האסלער׳ן — ער איז אבער געווען צו קליין, און האט זיך ניט געקאנט צושפארען.

צום גליק איז דער זיידע געקומען נאכ׳ן קאנצערט איהם מיטנעהמען צו א סערענאדע, וואס מען האט געגעבען לכבוד האסלער׳ן. עס איז געווען נאכט און מען האט אנגעצונדען פאקעלן. אלע מוזיקאנטען פון ארקעסטער זיינען דארט גע־ווען. מען האט וועגען קיין אנדער זאך ניט גערעדט, ווי נאר וועגען די פרעכטיגע ווערק, וואס מען האט אקארשט גע־הערט. אנקומענדיג ביים שלאס, האט מען זיך שטילערהייט אויסגעשטעלט אונטער די פענסטער פון קינסטלער. מען האט אלץ געטהאן בסוד סודות, כאטש דער גאנצער עולם האט גוט געוואוסט, און האסלער, ניט ווייניגער, ווי די אנ־דערע, וואס עס האלט אין געשעהן. אין דער שענער שטילקייט פון דער נאכט האט מען אנגעהויבען שפיעלען האסלערס עט־ליכע באריהמטע שטיקער. ער האט זיך באוויזען מיט׳ן פירשט ביים פענסטער און מען האט פון זייער כבוד וועגען געשריען הורא.ביידע האבען זיך פארנייגט. א דיענער איז געקומען. אין נאמען פון גרויספירשט האט ער איינגעלאדען די מוזיקאנטען אין פאלאץ. זיי זיינען דורכגעגאנגען זא־לען, וואו די ווענט זיינען געווען פארהאנגען מיט בילדער, וואס האבען פארגעשטעלט נאקעטע מענער מיט קיווערן: זיי זיינען געווען פון רויט־ברוינער פארב און האבען געהאט אן ארויספאדערנדיגע האלטונג. דער הימעל איז געווען באדעקט מיט דיקע וואלקענס, וואס האבען אויסגעזעהן ווי שוואמען. עס זיינען אויך געווען מענער און פרויען פון מארמאר, אנ־

געטהאָן אין בלעכענע פארטוכער. מען איז געגאַנגען איבער אזוינע ווייכע קאַוויארען, אז מען האָט ניט געהערט די טריט, און מען איז אריין אין א זאַל, וואָס איז געווען באַלויכטען אזוי ווי אין מיטען העלען טאָג; און וואו עס זיינען געשטאַנען טישען, באדעקט מיט משקאות און פרעכטיגע מאכלים.

דאָרט איז געווען דער גרויספירשט. אבער קריסטאָף האָט איהם ניט געזעהן: ער האָט געהאט אויגען נאָר פאר האסלער'ן. האסלער איז צוגעגאַנגען צו די מוזיקאַנטען און האָט זיי געדאַנקט; ער האָט געזוכט ווערטער, האָט זיך פארפּלאָנטערט אין א זאַץ; און ער האָט זיך געראַטעוועט פון דער לאַגע מיט א שטיקעל לצנות, וואָס האָט ביי אלעמען ארויסגערופען א געלעכטער. מען האָט זיך געזעצט ביים טיש. האסלער האָט גענומען אָן דער זייט פיער אָדער פינף מוזיקאַנטען. ער האָט געשאָנקען דעם זיידען א בעזונדערע אויסצייכנונג, און האָט צו איהם זיך געווענדעט מיט עטליכע זעהר שמייכעלהאַפטע ווערטער: ער האָט זיך דערמאָנט, אז זשאַן־מישעל איז געווען איינער פון די ערשטע צו שפּיעלען זיינע זאכען; און ער האָט געזאָגט, אז ער האָט אָפט געהערט, ריידענדיג וועגען זיינע פאָרדיענסטען פון זיינעם א פריינד, וואָס איז געווען זשאַן־מישעלס א שילער. דער זיידע האָט זיך צוגאָסען אין באדאנקונגען; ער האָט די פריינדליכע ווערטער באצאָהלט צוריק מיט אזוינע גוזמא'דיגע לויבגעזאַנגען, אז קריסטאָף האָט זיך געשעמט, ניט קוקענדיג אויף זיין גאַנצע בעגייסטערונג פאר האסלער'ן. אבער עס האָט אויסגעוויזען, אז האסלער אליין האָט עס געפונען פאר גאַנץ נאַטירליך און אנגענעהם. צום ענד האָט דער זיידע, וואָס האָט ניט געקאָנט ארויסקריכען פון זיין פּלוידעריי, א ציה

געטהאָן קריסטאָף'ן פאַר'ן האַנד און איהם פאַרגעשטעלט פאַר האַסלער'ן. האַסלער האָט אַ שמייכעל געטהאָן צו קריס־טאָף'ן און איהם נאַכלעסיג אַ גלעט געטהאָן איבער'ן קאָפּ; דאָך, ווען ער האָט דערהערט, אַז ער ליעבט זעהר זיין מוזיק און אַז ער האָט שוין ניט געשלאָפען עטליכע נעכט, וואַרטענ־דיג איהם צו זעהן, האָט ער איהם גענומען אין זיינע אָרימס און פריינדליך אָנגעהויבען אויסצופרעגען. קריסטאָף, רויט פון פערגניגען און שטום פון אויפרעגונג, האָט ניט געוואַגט צו קוקען אויף איהם. האַסלער האָט איהם אָנגענומען פאַר די מאָרדע און איהם געצוואונגען אויפצוהויבען דעם נעזל. קריסטאָף האָט זיך אָנגעקליבען מיט מוטה: האַסלערס אויגען זיינען געוועזען גוט און שמייכעלדיג; ער האָט אויך אָנגע־הויבען צו שמייכלען. דאָן האָט ער זיך דערפיהלט אַזוי גליק־ליך, אַזוי וואונדערבאַר גליקליך, אין די אָרימס פון זיין טהייערן גרויסען מאַן, אַז ער האָט אַרויסגעפּלאַצט מיט טרעהרען. האַסלער איז געוואָרען געריהרט פון אָט דער קינדערשער ליעבע; ער איז געוואָרען נאָך מעהר פריינדליך, האָט אַרומ־גענומען דעם קליינעם און גערעדט צו איהם מיט דער צערט־ליכקייט פון אַ מוטער. צו דערזעלבער צייט האָט ער גע־רעדט שפּאַסיגע ווערטער און האָט איהם געקיצעלט, צו מאַכען איהם לאַכען, אַזוי אַז קריסטאָף האָט זיך ניט געקאָנט איינ־האַלטען ניט צו לאַכען מיט טרערען אין די אויגען. באַלד איז ער געוואָרען אין גאַנצען היימיש מיט איהם און האָט געענט־פערט האַלסער'ן, זיך גאַר ניט שעמענדיג. ער האָט אַליין אָנ־געהויבען איהם אין אויער אַריינצושושקענען אַלע זיינע קליי־נע פּלענער, אַזוי ווי האַסלער און ער וואָלטען געוועזען אַלטע גוטע פריינד: ווי אַזוי ער וואָלט געוואָלט זיין אַזאַ מוזי־קאַנט ווי האַסלער, שאַפען אַזוינע שעהנע זאַכען ווי האַסלער

און ווערען אַ גרויסער מענש. ער, וואָס פלעגט שטענדיג זיך שעהמען, האָט איצט געהערט מיט אַ פולען פּאַרטרויען; ער האָט אליין ניט געוואוסט, וואָס ער האָט גערעדט, ער איז געווען אין פולען עקסטאַז. האסלער האָט בעלאכט איבער זיין פלוידעריי. ער האָט געזאָגט:

„ווען דו וועסט אויסוואַקסען, און דו וועסט זיין אַ גוטער מוזיקאַנט, זאָלסטו קומען מיך זעהן אין בערלין. איך וועל פאַר דיר עפּעס וואָס טהאָן."

קריסטאָף איז געווען צופיעל ענטציקט אום צו קענען ענטפערן. האסלער האָט זיך גערייצט מיט איהם:

— „דו ווילסט ניט?"

קריסטאָף האָט זעהר ענערגיש, פינף, זעקס מאָל, אַ שאָקעל געטהאָן מיט'ן קאָפּ אויף יא.

— „הייסט עס, אז עס איז אבגעמאכט?"

קריסטאָף האָט ווידער געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ.

„אויב אזוי, גיב מיר כאָטש אַ קוש!"

קריסטאָף האָט פאַרוואָרפען זיינע הענד איבער האסלער'ס האלז און האָט איהם צוגעדריקט מיט אלע זיינע כחות.

„דו, קליינער טייוועל, דו מאכסט דאָך מיך אין גאַנצען נאס! לאָז אָפּ! וויש כאָטש אב דעם נאָז!"

האסלער האָט זיך צולאכט און אליין אבגעווישט דעם נאָז ביי דעם פארשעמטען און גליקליכען קינד. ער האָט איהם אראָבגעלאָזען אויף דר'ערד, האָט איהם גענומען פאַר'ן האנד, צוגעפיהרט צו אַ טיש, האָט אָנגעשטאָפּט זיינע קעשענעס פול מיט נאשערייען און איהם אבגעלאָזען. זאָגענדיג פון דאָס ניי:

„צום ווידערזעהן! געדיינק, וואָס דו האָסט מיר פאַרשפּראָכען."

קריסטאף האט געשוואומען אין גליק. די איבעריגע וועלט האט פאר איהם מעהר ניט עקסיסטירט. שפעטער האט ער וועגען קיין אנדער זאך זיך ניט געקאנט דערמאנען פון דאס וואס איז פארגעקומען יענעם אווענד; ער האט מיט ליעבע נאכגעקוקט יעדע מינע, יעדע בעוועגונג, וואס האסלער האט געמאכט. איין ווארט זיינער האט א שטארקען רושם אויף איהם געמאכט. האסלער האט געהאלטען אויפגעהויבען די גלאז, זיין געזיכט איז פלוצלונג געווארען פארהארטעוועט; ער האט געזאגט:

„די פרייד פון אזוינע טעג דארף אונז ניט מאכען פארגעסען אן אונזערע שונאים. מען דארף די שונאים קיין מאל ניט פארגעסען. ניט זיי האבען מיר צו פערדאנקען, וואס מיר זיינען ניט אויסגעמעקט פון דער ערד, און ניט אונז וועלען זיי דארפען פערדאנקען, וואס זיי זיינען ניט אויסגעמעקט פון דער ערד. אט פארוואס איך טרינק לכבוד דעם, וואס עס זיינען פאראן מענשען, פאר וועמעס געזונד... מיר טרינקען ניט!“

דער גאנצער עולם האט אפלאדירט און געלאכט איבער דעם אריגינעלען טאסט. האסלער האט מיטגעלאכט מיט די אנדערע און האט ווידער געוויזען ווי גוט אויפגעלעגט ער איז. קריסטאף'ן אבער האט עס געקרייגקט. כאטש ער האט זיך ניט ערלויבט צו קריטיקירען די האנדלונגען פון זיין העלד, דאך איז איהם ניט געפעלען געווארען, וואס יענער האט געטראכט וועגען מיאוסע זאכען אין אזא אווענד, ווען מען האט געדארפט טראכטען און זעהן נאר ליכטיגע געדאנקען און ליכטיגע פנים'ער. אבער ער האט זיך ניט אבגעגעבען קיין קלאהרען דין וחשבון וועגען זיינע איינדריקע; און דער איינדרוק איז באלד געווארען פארויאגט דורך דער גרויסער שמחה

און דורך דעם זופ שאַמפּאַניער, וואָס ער האָט אויסגעטרונ־קען פון זיידענס גלאָז.

אויפ׳ן וועג אהיים האָט דער זיידע ניט אויפגעהערט צו ריידען נאָר וועגען זיך אליין: די שבחים, וואָס ער האָט באַקומען פון האסלער׳ן האָבען איהם ארויסגעבראכט פון די כלים! ער האָט געשריען, אַז האסלער איז אַ גאון, וואָס מען זעהט נאָר איין מאָל אין אַ יובל. קריסטאָף האָט געשוויגען, פארשליסענדיג ביי זיך אין הארצען זיין פאר־שיכור׳טע ליעבע. ער האָט איהם געקושט; ער האָט איהם געהאלטען אין זיינע אָרימס. ווי גוט ער איז גע־ווען!.... ווי גרויס ער איז געוועזן!

אך, האָט ער געטראכט אין זיין קליין בעטעל, ארומנעה־מענדיג ליידענשאפטליך זיין קישען, ווי וואָלט איך געוואָלט שטאַרבען, שטאַרבען פאַר איהם.

דער שטראהלענדער קאמעט, וואס האט זיך פאר יע־נעם איינציגען אווענד באוויזען אויף דעם הימעל פון דער קליינער שטעדטעל, האט געהאט א שטארקען איינפלוס אויף קריסטאפ'ן. אין פערלויף פון זיין גאנצער קינדהייט איז האס־לער געווארען דער לעבעדיגער מאדעל, אויף וועלכען ער האט געהאלטען זיין אויג; עס איז געווען צוליעב איהם, וואס דער זעקס יאהריגער קליין־מענשעלע האט בעשלאסען, אז ער וועט אויך שרייבען מוזיק. אין אמת'ן גערעדט, האט ער עס שוין געטהאן זייט א לענגערער צייט, ניט וויסענדיג אליין דערפון; ער האט ניט געווארט מיט'ן שאפען מוזיק, ביז ער האט גע־וואוסט, אז ער טהוט עס.

אלץ איז מוזיק פאר א מוזיקאלישע הארץ. אלץ וואס ריהרט זיך, וואס באוועגט זיך, וואס פולסירט און וויבירירט. זוניגע זומערטעג, נעכט, ווען דער ווינט וואיעט, דאס ליכט, וואס פינקעלט, דאס שימערירען פון די שטערן, דאס זשומען פון די פליגען, דאס רוישען פון די בוימער, שטימען פון גע־ליעבטע און פערהאסטע, דער אזוי גוט בעקאנטער גערויש פון פייער און אויוועז, דער סקריפ פון דער טהיר, דאס בלוט, וואס לויפט אין די אדערן אין דער שטילקייט פון דער נאכט — אלץ וואס איז פאראן, איז מוזיק: מען דארף עס נאר פאר־נעהמען. אט די גאנצע מוזיק פון דער גאנצער שאפונג האט געפונען אין קריסטאפ'ן איהר אבקלאנג. אלץ וואס ער האט געזעהן, אלץ וואס ער האט געפיהלט, האט זיך ביי איהם

איבערגעשמאָלצען אין מוזיק. עס איז געווען ווי א זשומענ־
דער ביהנשטאָק. קיינער האָט עס אבער ניט באמערקט. ער
— ווייניגער, ווי ווער עס איז.

ווי אלע קינדער, פלעגט ער אונטערזיינגען אָהן אויפהער.
צו יעדער צייט פון טאָג, וואָס ער זאָל ניט האָבען געטהאָן
— צי ער האָט שפּאצירט אויפ'ן גאס, אונטערשפּרינגענדיג
אויף איין פוס; — צי ער איז געלעגען אויסגעצויגען אויפ'ן
בויך ביים זיידען אויף דער פּאָדלאָגע, האלטענדיג דעם קאָפּ
אין די הענד פארטיעפט אין די בילדער פון א בוך; — אָדער,
צי ער איז געזעסען אין א פינסטערן ווינקעל פון קיך אויף א
שטוהל און גע'חלומ'ט, וועגען קיין זאך ניט טראכטענדיג,
בעת די נאכט האָט זיך פארשפּרייט — שטענדיג האָט מען
געהערט דאָס איינטאָניגע מורמלען פון זיין קליינעם טראמ־
פּייטעל מיט א צוגעמאכטע מויל און אויפגעבלאָזענע באקען.
אָדער פארסקענדיג מיט די ליפּען. דאָס פלעגט אנהאלטען
שטונדען־לאנג און ער פלעגט ניט פארמאטערט ווערען. זיין
מוטער האָט ניט געשאָנקען דערצו קיין אויפמערקזאמקייט;
נאָכהער, מיט אמאָל, פלעגט זי אויף איהם זיך אָנבייזערן.

ווען ער פלעגט פארמאטערט ווערען פון דעם צושטאנד
פון האלב־שלעפריגקייט, פלעגט אויף איהם ארויספאלען א
פערלאנג זיך צו באוועגען און צו מאכען א טומעל. דאמאָלט
פלעגט ער אויסטראכטען נגונים, וועלכע ער פלעגט זינגען
אויפ'ן העכסטען קול. ער האָט עס געשאפען פאר אלע געלע־
גענהייטען אין לעבען. ער האָט געהאט איין נגון פאר דעם
פריהמארגען, ווען ער פלעגט זיך פלוסקענען אין וואששיסעל,
ווי א קליינע ענטעל. ער האָט געהאט איין נגון, ווען ער פלעגט
דארפען ארויפקריכען אויפ'ן קלאוויר שטול פאר'ן פער־
האסטען אינסטרומענט, און אן אנדערן, ווען ער פלעגט דאר־

פען ארונטערקריכען פון דעם שטול (דער איז געווען א פיעל גלענצענדער, ווי דער אנדערער). ער האט געהאט א נגון, ווען די מוטער פלעגט טראגען די זופ צום טיש — ער פלעגט דאן געהן פאראוים, בלאזענדיג אין טרומייטען. — ער פלעגט פאר זיך אליין אויך אויפשפיעלען טריאומף־מארשען, גע־הענדיג פון עס־צימער אין שלאפצימער. מאנכעם מאל פלעגט ער לכבוד דעם ארגאניזירען א מארש מיטביידע ברידער: אלע דריי פלעגען מיט פאראד פארבייגעהן איינער הינטער דעם אנדערן און יעדערער פלעגט זינגען זיין אייגענעם מארש. אבער קריסטאף פלעגט פאר זיך אליין איבערלאזען דעם שענסטען, וואס איז געווען ניט מעהר ווי גערעכט. יעדער איינער פון די נגונים איז געווען שטרענג באשטימט פאר א געוויסע געלעגענהייט; און קריסטאף׳ן איז קיינמאל ניט גע־קומען דער געדאנקען זיי צוצומישען. יעדער אנדערער וואלט זיך אבגענארט, ער אבער האט אונטערשיידעט אלע ניואנ־סען מיט א גענויער פינקטליכקייט.

איין מאל, ביים זיידען, האט ער גענומען זיך ארומדרע־הען ארום דעם צימער מיט דעם קאפ פארווארפען און דעם בויך אויסגעשטעלט, טראמפלענדיג הויך, האט זיך געדרעהט און געדרעהט אהן א סוף ביז קראנק צו ווערען. און האט דער־ביי אויפגעפיהרט איינע פון זיינע קאמפאזיציעם. דער אלטער, וואס האט געראדע זיך געהאלטען אין גאלען, האט זיך אב־געשטעלט און, מיט אן אנגעזייפטען פנים, האט ער זיך אומ־געקעהרט צו איהם און א פרעג געטהאן:

„וואס זינגסטו דארט, יונגאטש איינער?“

קריסטאף האט געענטפערט, אז ער וויים ניט וואס.

„זינג עס נאר איבער נאך אמאל!“ האט זשאן־מישעל א זאג געטהאן.

קריסטאָף האָט געפּרובירט; אָבער ער האָט ניט געקאָנט געפינען דעמזעלבען נגון. שטאָלץ מיט דעם, וואָס דער זיידע האָט באַמערקט זיין זינגען, האָט ער געוואָלט איהם לאָזען באוואונדערן זיין שעהנע שטים און האָט אויף זיין אופן איבערגעזונגען א גרויסע אריע פון אַן אָפּעראַ; אָבער ניט דאָס האָט דער אַלטער געוואָלט. זשאַן מישעל האָט געשוויגען, זיך מאַכענדיג, ווי ער קימערט זיך מעהר ניט וועגען איהם. ער האָט אָבער געלאָזען די טהיר פון צימער האלב אָפען, בעת דער קליינער האָט זיך אין צווייטען צימער געשפּיעלט אליין.

אין עטליכע טעג ארום האָט קריסטאָף, ארומגערינגעלט מיט שטולען, וועלכע ער האָט אויסגעשטעלט ארום זיך אין א קרייז, געהאַלטען אין אויסשפּיעלען א מוזיקאַלישע קאָמעדיע, וואָס ער האָט צוזאַמענגעשטעלט פון שטיקלאַך זכרונות פון טהעאַטער; גאַנץ ערנסט האָט ער דורכגעפיהרט א מינועט־מעלאָדיע מיט טריט און באַוועגונגען, ווי ער האָט עס געזעהען טהוענדיג, און זיך ווענדענדיג צו בעטהאָווענס פּאָרטרעט, וואָס איז געהאַנגען איבער'ן טיש. ווען ער האָט געראַדע געהאַלטען ביים דרעהען זיך א פּירועט, האָט ער אין דעם שפּאַלט פון טהיר דערזעהן דעם קאָפּ פון זיידען, וועלכער האָט זיך צוגעקוקט צו איהם. ער האָט געמיינט, אז דער זיידע וועט מאַכען חוזק פון איהם: ער האָט זיך זעהר פאַרשעהמט, האָט באַלד אויפגעהערט און, צולויפענדיג צום פענסטער, האָט ער צוגעדריקט דעם פּנים צום שויב, אזוי ווי ער וואָלט געוועזען שטאַרק פאַרטיעפט אין דער בעטראַכטונג פון זעהר א וויכטיגער זאַך. אָבער דער זיידע האָט גאַר ניט געזאָגט: ער איז צוגעגאַנגען צו איהם און איהם א קוש געגעבען. קריסטאָף האָט געזעהן, אז ער איז צופריעדען. זיין

קליינער עגאאיזם האט ניט פארפעהלט אויסצוטייטשען וואס דאס בעדייט: ער איז געווען קלוג גענוג צו באמערקען, אז ער האט שטארק אויסגענומען; ער האט אבער ניט געוואוסט קלאהר גענוג, וואס דער זיידע בעוואונדערט אין איהם מעהר: צי דאס איז דער טאלאנט פון א דראמאטורג, פון א מוזיקאנט, פון א זינגער, אדער פון א טענצער. איהם איז געווען מעהר ניחא דאס לעצטע, ווארום ער האט זעהר שטארק געהאלטען פון זיין טאנצען.

אין א וואך ארום, ווען ער האט שוין לאנג געהאט אן אלץ פארגעסען, האט איהם דער זיידע מיט א געהיימניספולער מינע געזאגט, אז ער וויל איהם עפּעס ווייזען. ער האט געעפענט זיין שרייבטיש, האט ארויסענומען א נאטען־העפט, עס אוועקגעלייגט אויפ'ן קלאוויר און געבעטען דאס קינד צו שפּיעלען דערפון. קריסטאף, שטארק פעראינטערעסירט, האט עס אויסגעשפּיעלט, ווי ער האט געקאנט. דאס העפט איז געווען געשריבען מיט דעם אלטענס האנד און מיט זיינע דיקע שטריכען, ביי וועלכע ער האט זיך דאס מאל באזונדערס שטארק געצירקעלט. די אויבערשטע שורות זיינען געווען באפוצט מיט פארצירונגען און מאנאגראמען. אין אייניגע מינוטען ארום האט דער זיידע, וועלכער איז געזעסען לעבען קריסטאפ'ן און איהם איבערגעמישט די זייטען, איהם א פרעג געטהאן, פון וועמען די מוזיק שטאמט. קריסטאף, וועלכער איז געווען צופיעל פארטיעפט אין שפּיעלען, אז ער זאל קענען באמערקען, וואס ער שפּיעלט, האט געענטפערט, אז ער ווייס ניט.

— „טראכט זיך אקארשט איין! קענסטו דען דאס ניט?“

„יא, ער גלויבט, אז ער דערקענט עס; ער געדיינקט אבער ניט, וואו ער האָט עס געהערט“.

דער זיידע האָט געלאַכט.

— „טראַכט גוט נאָך!“

קריסטאָף האָט געשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ:

„איך ווייס ניט!“

אין אמת׳ן גערעדט, איז, ווי אַ שטראַהל, איהם דורכגעלאָפען דורכ׳ן קאָפּ. איהם האָט זיך געדוכט, אז די נגונים... דאָך, ניין! ער האָט ניט געוואָלט זיי דערקענען.

„זיידע! איך ווייס ניט!“

ער איז רויט געוואָרען.

„אָבער דו קליינער נאַרעלע, זעהסטו דען ניט, אַז דאָס זיינען דיינע נגונים?“

ער איז שוין געווען זיכער אין דעם; אבער ווען ער האָט דערהערט עס ארויסזאָגענדיג, האָט זיין האַרץ גענומען קלאַפּען:

„אה! זיידע!“...

דער זיידע, שטראַהלענדיג פון פרייד, האָט איהם ערקלעהרט, וואָס דאָס העפט בעדייט.

„זעהסטו: „אריא“, דאָס איז, וואָס דו האָסט געזונגען דיענסטאַג, ווען דו האסט זיך געקייקעלט אויף דר׳ערד. „מארש“. דאָס איז, וואָס דו האָסט געזונגען לעצטע וואָך, ווען איך האָב דיר געבעטען ווידער אָנצוהויבען און דו האָסט ניט געוואוסט, ווי עס ווידער צו געפינען. „מינועט“. דאָס האָסטו געטאַנצט פאר מיין שטוהל... טהו אַ קוק!“

אויפ׳ן איינבאנד איז געווען אויפגעשריבען מיט וואונדערבארע גאָטהישע בוכשטאַבען:

„די פרייד פון פריהער קינדהייט“.

אריא, מינועט, וואלץ און מארש, ווערק 1, פון זשאן קריסטאף קראפט.

קריסטאף איז געווארען פארבלענדט, דארט צו זעהן זיין נאמען, דער שעהנער טיטעל, דאס גרויסע העפט, זיין ווערק! ער האט געשטאמעלט ווייטער: „אה, זיידע! אה, זיידע!“

דער אלטער האט איהם צוגעצויגען צו זיך. קריסטאף האט זיך א ווארף געטהאן צו איהם אויף די קניע און האט געהאלטען זיין קאפ אין זשאן מישעלס ברוסט: ער איז גע־ווען רויט פאר גליק. דער אלטער, וואס איז כמעט געווען נאך גליקליכער פאר איהם, האט געפרובירט אנגעהמען א גלייכגילטיגען טאן, ווייל ער האט מורא געהאט, אז ער אליין האלט ביים ווערען גערירט:

„נאטירליך האב איך געמאכט דערצו די בעגלייטונג, אויך די הארמאניע און דעם כאראקטער פון די מעלאדיעס. דערצו נאך... (ער האט זיך פארהוסט) דערצו נאך האב איך צוגעגעבען צום מינעט א טריא, ווייל.... ווייל מען מאכט אזוי... און נאך אלעמען מיין איך, אז עס איז גאר ניט שלעכט.“

ער האט עס אויסגעשפיעלט, — קריסטאף איז געווען זעהר שטאלץ צו ארבייטען צוזאמען מיט'ן זיידען.

„אבער. אויב אזוי, זיידע, דארפסטו דאך ארויפשטעלען דיין נאמען אויך“.

„עס לוינט זיך ניט. עס איז ניט נויטיג, אז ווען עס איז אויסער דיר זאל עס וויסען. נאר... (דא האט זיין שטים גענומען ציטערן) — נאר שפעטער, ווען איך וועל שוין מעהר ניט זיין, דאמאלט וועט עס דיר דערמאנען אן דיין אלטען זיידען. ניט אמת? דו וועסט עס ניט פארגעסען?“

דער אָרימער אַלטער האָט ניט אַלץ אַרויסגעזאָגט: ער האָט ניט געקאָנט בעשטעהען דעם אונשולדיגען פאַרגניגען אַריינצוברייננגען איינע פון זיינע אונגליקליכע מעלאָדיעס אין זיין אייניקעלס ווערק. וועגען וועלכע ער האָט געפיהלט, אַז זיי וועלען איהם אַריבערלעבען; דאָך זיין פערלאַנג צו האָבען אַ חלק אין דער באַריהמטקייט איז געוועזען אַ גאַנץ בעשיידענער און זעהר אַ ריהרענדער. ווארום ער האָט זיך באַגנוגט אַהן אַ נאָמען אַריינצוגעבען אַ קליין שטיקעל פון זיינע געדאַנקען, כדי ניט אין גאַנצען אָבצושטאַרבען. — קריסטאָף איז געוועזען זעהר געריהרט און האָט באַדעקט זיין פּנים מיט קושען. דער אַלטער וואָס האָט זיך געלאָזען ווערן אַלץ ווייכער און ווייכער, האָט איהם געקושט אין די האָר.

— „ניט אמת, דו וועסט עס געדיינקען ? שפּעטער, ווען דו וועסט ווערען אַ גוטער מוזיקאַנט, אַ גרויסער קינסט־לער, וואָס וועט פאַרשאַפען כבוד דיין פאַמיליע, דיין קונסט, דיין פאַטערלאַנד, ווען דו וועסט ווערען באַריהמט, דאַמאָלט וועסטו געדיינקען, אַז דיין זיידע איז געוועזען דער ערשטער, וואָס האָט גענומען פיהלען און פאַראויסזאָגען, וואָס פון דיר וועט ווערען ?“

טרעהרען האָבען זיך איהם געשטעלט אין די אויגען הערענדיג, ווי ער אַליין האָט אַזוי גערעדט. ער וואָלט ניט גע־וואָלט זעהן ביי זיך אַזעלכע סמנים פון שוואַכקייט. אַ הוסט איז אויף איהם אָנגעפאַלען. ער האָט ווידער אַרויפגעצויגען אַ בייזע מינע. האָט אָוועקגעשיקט דעם קליינעם אַהיים, צומאַ־כענדיג דעם טייערן כתב־יד.

קריסטאָף איז געקומען אהיים באַטויבט פון פרייד. די שטיינער האָבען געטאַנצט ארום איהם. די באַגעגעניש, וואָס זיינע אייגענע האָבען איהם ארויסגעוויזען, האָט איהם אביסעל אויסגעניכטערט. ווען ער האָט זיי, גאַנץ נאַטירליך, באַלד דערצעהלט אַלץ וועגען דער גרויסקייט פון זיינע מוזי־קאַלישע אויפטהואונגען, האָבען זיי זיך צושריען אויף איהם. די מוטער האָט געמאַכט חוזק פון איהם. מעלכיאָר האָט ער־קלעהרט, אַז דער אַלטער איז משוגע געוואָרען, און אַז עס וואָלט געוועזען פיעל גלייכער, ווען ער וואָלט געזאָרגט וועגען זיך אַליין, אַנשטאָט צו פאַהדרעהען דעם קליינעם דעם קאָפּ; וואָס איז שייך קריסטאָף'ן, זאָל ער אַזוי גוט זיין און זיך ניט קימערן וועגען די נאַרישקייטען און זיך אין צייט אַוועק־זעצען ביים קלאַוויר און פיער שעה נאָך אַנאַנד שפּיעלען זיי־נע איבונגען. זאָל ער נאָר פריהער פּרובירען זיך אויסלערנען שפּיעלען ווי עס בעדאַרף צו זיין; צו שרייבען מוזיק וועט נאָך זיין צייט שפּעטער, ווען ער וועט ניט האָבען וואָס בע־סערס צו טהאָן.

מען דאַרף אָבער ניט מיינען, אַז מעלכיאָר האָט געוואָלט דורך די שכל'דיגע ווערטער פאַרהיטען דאָס קינד פון דער גע־פעהרליכער פאַרפיהרונג פון אַ פריהצייטיגער גאוה. ער האָט נאָר באַלד געזאָלט בעווייזען דעם הפּוך דערפון. אָבער אַזוי ווי ער אַליין האָט קיין מאָל ניט אויסגעדריקט אין מוזיק קיין איינציגען געדאַנק, און אויך ניט געשפּירט קיין פערלאַנג

דערצו, איז ער, אין דער נארישער קורצזיכטיגקייט פון א ווירטואז, דערגאנגען דערצו, צו בעטראכטען בכלל דאָס שאפען פון מוזיק ווי אַ קונסט פון צווייטען ראַנג, צו וועלכען נאָר דער שפּיעלער גיט  צו אַ ווערטה. ער איז אפילו ניט געבליבען אין גאנצען גלייכגילטיג צו דער שטאַרקער באגייסטערונג, וואָס אזוינע גרויסע קאָמפּאזיטאָרען ווי האסלער רופען ארויס. ער האָט געהאט גרויס רעספּעקט צו אזוינע טריאומפען, ווי צו יעדען ערפאָלג, כאָטש אין דער שטיל האָט עס איהם אבי־סעל געקריינקט, ווייל ער האָט געפיהלט ווי די אלע אפּלאָ־דיסמענטען וואָלטען ביי איהם פערזעהנליך צוגענומען גע־וואָרען. אבער ער האָט אויך געוואוסט פון ערפאהרונג, אז די ערפאָלגען פון גרויסע קינסטלער־שפּיעלער זיינען ניט ווייניגער טומעלדיג, אז זיי טראָגען אַ מעהר פערזענליכען כאַ־ראַקטער און  דערפאַר ברייגנען זיי אריין מעהר הכנסה און מעהר אנגענעהמע רעזולטאַטען. ער פלעגט זיך מאכען, אז ער האָט די גרעסטע אכטונג פאַר די מוזיקאלישע גאונים; אָבער עס פלעגט איהם פערשאַפען דעם גרעסטען פער־גניגען צו דערצעהלען  וועגען זיי לעבערליכע אנעקדאָטען, וואָס האָבען געקאָנט שאפען זעהר אַ טרויעריגע מיינונג וועגען זייער אינטעליגענץ און זייערע געוואָהנהייטען. דעם ווירטואז האָט ער אוועקגעשטעלט אויף דעם העכסטען שטאַ־פּעל פון די קינסטלער; ווארום, פלעגט ער זאָגען, עס איז ידוע, אז  דער צונג איז דער איידעלסטער טהייל פון קערפּער; און וואָס וואָלט געווען דער געדאנקען אָהן ווערטער? וואָס וואָלט געווען מוזיק אָהן דעם שפּיעלער?

וואָס עס זאָלען ניט געווען זיין די מאָטיווען פאַר די דרשה, וואָס ער האָט געהאלטען פאַר קריסטאָף'ן, האָט זי דאָך געהאט דעם נוצען, וואָס זי האָט געהאָלפען דעם  קליינעם

ווידער צו געווינען זיין געזונטען פערשטאַנד, וועלכען דעם אלטענס שבחים האָבען געקאָנט איהם מאַכען צו פערליערען. זי איז כמעט געווען ניט גענוג. קריסטאָף האָט ניט פארפעהלט צו באמערקען, אז זיין זיידע איז געווען פיעל קליגער ווי זיין טאַטע. און בעת ער פלעגט זיך אוועקזעצען ביים קלאַוויר ניט ברוגז'דיג, פלעגט ער דאָס טהאָן פיעל ווייניגער אום צו פאָלגען, ווי אום צו קענען פריי חלומ'ן, וואָס ער פלעגט געוועהנליך טהאָן, בעת זיינע פינגער פלעגען מעכאַניש ארומלויפען איבער די קלאַווישען. אין רעכטען מיטען פון זיינע איבונגען, וואָס האָבען קיין ברעג ניט געהאַט, פלעגט ער שטענדיג ווידער און ווידער הערען אין זיך די גאוה־דיגע שטים: „איך בין א קאָמפּאָזיטאָר, א גרויסער קאָמפּאָזיטאָר.“

פון יענעם טאָג אָן, אזוי ווי ער איז שוין דאָך געווען א קאָמפּאָזיטאָר, האָט ער אָנגעהויבען צו קאָמפּאָנירען. נאָך פריהער איידער ער האָט געקאָנט שרייבען ווי עס געהערט צו זיין אותיות, האָט ער אלע זיינע כחות אָנגעשטרענגט אויפצוקראַצען פערטעל און אכטעל נאָטען אויף פּאַפּיער, וואָס ער האָט ארויסגעריסען פון הויזבוך. אבער די אנ־שטרענגונג וואָס עס האָט איהם געקאָסט דאָס וועלען וויסען, וואָס ער דענקט און עס פארשרייבען, האָט באלד געפיהרט דערצו, אז ער האָט בכלל אויפגעהערט צו דענקען, העכס־טענס, האָט ער געוואָלט עפּעס דענקען. ער האָט פונדעסטוועגען ניט אויפגעהערט צוזאַמענצושטעלען מוזיקאַלישע פראַזען; און אזוי ווי ער איז פון דער נאַטור געווען מוזיקאַליש, פלעגט עפּעס וואָס ארויסקומען, גוט אָדער שלעכט, כאָטש דאָס האָט קיין ווערטה ניט געהאַט. דאַן פלעגט ער מיט גרויס נצחון עס אוועקטראָגען צום זיידען, וועלכער פלעגט פון

שמחה זיך צואווייגען — איצט, אז ער האָט זיך געעל־טערט, איז ער זעהר לייכט געווען אויף טרעהרען, און ער פלעגט ארויסגעבען זיין שפרוך, אז עס איז וואונדערבאר.

דאָס וואָלט איהם גאָר אינגאנצען איבערגעפיהרט. צום גליק האָט איהם געראַטעוועט זיין נאַטירליכער מענשען־פערשטאנד, וועלכער איז נאָך אונטערשטיצט געוואָרען דורך דעם איינפלוס פון א מענשען, וואָס האָט גאָר ניט פרעטענ־דירט צו האָבען אן איינפלוס אויף וועמען עס איז; און אויף וועלכען די וועלט האָט בשום אופן ניט געקוקט ווי אויף א מוסטער פון געזונטען מענשען־פערשטאנד. — דאָס איז געווען לואיזעס ברודער.

ער איז געווען, ווי זי, קליין, דין און אביסעל איינגע־בויגען. מען האָט ניט געוואוסט גענוי, ווי אלט ער איז; ער האָט ניט געקאָנט זיין אריבער פערציג; אבער מען וואָלט איהם גאנץ לייכט געקאָנט געבען פופציג יאהר און מעהר. ער האָט געהאט א קליינעם, צוקנייטשטען, ראָזעווען פנים, מיט גוטע, בלויע אויגען, גאנץ בלאסע, ווי אביסעל פארוויא־נעטע פערגעס־מיך־ניט בלומען. ווען ער פלעגט אראָפּנעהמען די היטעל, וועלכע ער פלעגט געוועהנליך שטענדיג האלטען אנגעטהאָן צוליעב מורא פאר א צוגווינט, פלעגט זיך ארויס־ווייזען א גאנץ קליינער, קיילאכדיגער, ראָזיגער פליך, וועל־כער פלעגט פארשאפען גרויס פארגניגען קריסטאָף׳ן און זיי־נע ברידער: עס פלעגט זיי ניט דערעסען מיט איהם זיך צו רייצען וועגען דעם, איהם אויסצופרעגען, וואָס ער האָט גע־מאכט מיט זיינע האָר און, באקומענדיג נאָך מעהר מוטה דורך מעלכיארס גראָבע וויצען, פלעגען זיי סטראשען עס דורכצופּאטשען. ער פלעגט דער ערשטער לאַכען דערפון, לאַ־זענדיג געדולדיג אליץ טהאָן מיט זיך. ער איז געווען אן ארומ־

רייזענדער פעדלער; ער פלעגט ארומגעהן פון דארף צו דארף, טראגענדיג אויף'ן רוקען א גרויסען פאק, אין וועלכען ער האט געהאט צוביסלאך פון אלע מינים סחורה: קאלאניאל סחורה, פאפיר־זאכען, נאשערייען, נאזטיכלאך, קראוואטען, שיך, קעסטלאך מיט קאנזערווען, קאלענדארען, ליעדער און מעדיצינען. מען האט פיעל מאל געפרובירט איהם צו באזעצען אויף אן ארט, פאר איהם צו קויפען א שטיקעל פלאץ, א קרעמעל, א שניט־געשעפט; ער האט זיך אבער ניט געקאנט צוגעוועהנען דערצו: אין א מיטען־נאכט איז ער אויפגעשטאנען, אוועקגעלעגט דעם שליסעל פאר'ן טהיר און מיט'ן פאק ווידער זיך אוועקגעלאזען וואנדערן. וואכען און חדשים האט מען איהם מעהר ניט געזעהן. מיט אמאל האט ער זיך ווידער באוויזען: איינמאל אין אווענד האט מען דערהערט ווי איינער שארט זיך ביים אריינגאנג; די טהיר האט זיך געעפענט און עס האט זיך באוויזען דער קליינער, פליכעוואטער קאפ, פון העפליכקייט אהן א היטעל, מיט די גוטע אויגען און זיין שעמעדיגען שמייכעל. ער האט געזאגט: „גוטען אווענד דעם גאנצען עולם", האט פארזיכטיג אבגעווישט די שיך, איידער ער איז אריין, האט יעדען איינעם באגריסט, אנהויבענדיג פון עלטסטען און האט זיך אראפגעלאזען אין דעם בעשיידענסטען ווינקעל פון צימער. דארט האט ער פאררייכערט זיין ליולקע, האט איינגעבויגען דעם רוקען, ווארטענדיג ביז דער האגעל פון גראבע וויצען וועט זיין פארביי. די ביידע קראפטס, דער פאטער און דער זוהן, האבען צו איהם געפיהלט א שפאטישע פעראכטונג. אט דער הויקערדיגער קארליק האט זיי אויסגעוויזען לעכערליך; און זייער שטאלץ האט זיך געפיהלט געקרייגקט דורך דעם ניעדעריגען מצב פון א הענדלער, וואס שלעפט זיך ארום. זיי

האָבען איהם עס געגעבען צו פיהלען; ער אָבער האָט זיך געמאכט ניט באמערקענדיג און האָט זיי ארויסגעוויזען דעם טיעפסטען רעספעקט, און דאָס האָט זיי נאָר אראָפּגעשלאָגען פון טראָפּ, באזונדערס דעם אלטען, וועלכער איז געווען זעהר עמפּפינדליך צו דעם אופן, ווי מען פערהאַלט זיך צו איהם. זיי האָבען זיך דערפאר באגנוגט דערמיט, וואָס זיי האָבען אויף זיין חשבון אבגעלאָזען גראבע וויצען, וועלכע האָבען אָפט ארייגגעיאָגט א רויטקייט אין לואיזעס פּנים. זי, זייענדיג געוואָהנט זיך צו בויגען אָהן טענות ומענות פאר די גייסטיגע גדלות פוןביידע קראפטס, האָט ניט געצווייפעלט, אז איהר מאן און איהר שוועד זיינען גערעכט; אבער זי האָט צערטליך געליעבט איהר ברודער; און איהר ברודער האָט געהאט פאר איהר א שטומע פערעהרונג. זיי ביידע זיינען געווען די איינציגע אין זייער פאמיליע, און זיי ביידע זיינען געווען עניוות'דיג, צוזאמענגעקוועטשט, צובראָכען פון לעבען; א באנד פון שטומען מיטלייד און פון געמיינזאמע, בסוד געטראָגענע ליידען האָט זיי צוזאמענגעבונדען מיט א טרויעריגער צערטליכקייט. אין מיטען פון די געזונטע, לארמדיגע, ברוטאלע קראפטס, וואָס זיינען געווען פעסט געבויט צו לעבען א פרעהליכען לעבען, האָבען אָט די צוויי שוואכע און גוטע בעשעפענישען, וואָס זיינען געשטאַנען, אזוי צו זאָגען, מחוץ פון זייער סביבה, מחוץ פון לעבען, איינע די אַנדערע גוט פערשטאַנען און איינע מיט די אנדערע רחמנות געהאט, כאָטש זיי האָבען קיין מאָל וועגען דעם ניט גערעדט.

מיט דעם געוויינליכען לייכטזין פון דער קינדהייט, האָט קריסטאָף ניט פארפעהלט מיטצומאכען די פעראכטונג פון זיין פאָטער און זיידען צו דעם קליינעם הענדלער. ער האָט

זיך געמאכט לוסטיג איבער איהם ווי איבער א קאמישע באשעפעניש; ער האט איהם דאקוטשעט מיט זיין רייצען זיך, וואס יענער האט אריבערגעטראגען מיט א פולער רוהע. פונדעסטוועגען האט קריסטאף איהם האלט געהאט, כאטש ער האט זיך אליין אין דעם קיין חשבון ניט אבגעגעבען. קודם כל האט ער איהם האלט געהאט ווי א געהארכזאמען שפיעלצייג, מיט וועלכען מען קען מאכען, וואס מען וויל. ער האט איהם אויך האלט געהאט דערפאר, ווייל ער האט שטענדיג געקאנט פון איהם ערווארטען עפעס וואס גוטס: א נאשעריי, א בילד, אן אמוזאנטע ערפינדונג. דאס צוריקקומען פון דעם קליין־מענשעלע איז שטענדיג געווען א שמחה פאר די קינדער, ווארום ער פלעגט שטענדיג פאר זיי צוגרייטען אן איבערראשונג. ווי ארים ער איז ניט געווען, האט ער שטענדיג געפונען מיטלען פאר יעדען צו ברייננגען א שטיקעל מתנה; אן קיין געבורטסטאג אין דער פאמיליע פלעגט ער ניט פארגעסען. פינקטליך פלעגט ער זיך בעוויי־זען אן אזוינע יום־טוב'דיגע טעג און ארויסציהען פון קע־שענע עפעס א מתנה, וואס איז געווען צוגעקליבען מיט ליע־בע. מען איז שוין אזוי געוואהנט געווען דערצו, אז מען פלעגט זאגאר פארגעסען איהם אבצודאנקען: פאר יעדען איינעם פלעגט עס אויסקומען אזוי נאטירליך, און ער אליין פלעגט זיך שוין פיהלען גענוג באלוינט דורך די פרייד, וואס ער האט פארשאפט. קריסטאף אבער, וואס האט ניט זעהר גוט געשלאפען און וואס פלעגט ביינאכט איבערבלעטערן ביי זיך אין מוח די געשעהענישען פון טאג, פלעגט ניט איינמאל נאכטראכטען וועגען דעם, אז דער פעטער איז זעהר א גוטער; און זיין הארץ פלעגט זיך צוגיסען מיט דאנקבארקייט צו דעם קליינעם מענשעלע; ער פלעגט אבער ביי דער נאַ־

הענטסטער נעלענענהייט גאָר עס ניט לאָזען באמער־קען, וואָרום דאמאָלט פלעגט ער נאָר טראכטען, ווי זיך פרעה־ליך צו מאכען איבער איהם. איבעריגענס איז ער נאָך געווען צו קליין, אום צו קענען אבשאצען דעם גאנצען ווערטה פון גוטסקייט: אין דער קינדערשער שפּראַך בעדייט גוט און נאַריש כמעט איינס און דאָסזעלבע; און דער פעטער גאָט־פריעד האָט אויסגעוויזען צו זיין א בעוויין פאר דעם.

איין מאָל אין אָוענד, ווען מעלכיאר איז פארבליבען אין שטאָדט און לואיזע האָטביידע קינדער געלענט שלאָ־פען, איז גאָטפריעד ארויס פון הויז און זיך אוועקגעזעצט ביים ברעג טייך, ניט ווייט פון הויז. קריסטאָף איז פון לאַנגוויילינקייט איהם נאָכגעגאנגען און, ווי געוויינליך, איז ער צוגעשטאַנען מיט זיינע נארישקייטען פון א קליין הינ־טעל, ביז ער האָט, א פערמאַטערטער, זיך אויסגעצויגען ביי זיינע פיס. ער האָט זיך אוועקגעלעגט אויפ'ן בויך און זיך איינגעגראָבען מיט'ן נאָז אין די גראז. ווען ער האָט אבי־סעל אָבגעכאַפּט דעם אָטהעם, האָט ער אָנגעהויבען זוכען עפּעס א נייע שקאָצעריי ארייַנצוזאָגען. ווען ער האָט עס געפונען, האָט ער גענומען עס ארויסשרייען, זיך קייקלענדיג פאר געלעכטער, מיט דעם פּנים אלץ פארשטעקט אין ד'ערד. קיין ענטפער. פארוואונדערט פון דער שטילקייט, האָט ער אויפגעהויבען דעם קאָפּ, זיך צוגרייטענדיג איבערצו'חזר'ן דעם וויץ. דאָ איז זיין בליק געפאלען אויף גאָטפריעדס גע־זיכט, וואָס איז געווען באלויכטען פון די לעצטע שטראהלען פון טאָג, וועלכער איז פארגאנגען אין גאָלדענעם נעבעל, און די ווערטער זיינען איהם געבליעבען שטעהן אין האלז. גאָט־פריעד האָט געשמייכעלט מיט האלב צוגעמאכטע אויגען און מיט אביסעל אָן אָפענעם מויל; און זיין לאכענדיגער פּנים איז

געווען טיעף ערנסט און פול מיט שמערץ. קריסטאָף האָט זיך אָנגעשפּארט אויף די עלענבויגענס און אָנגעהויבען איהם צו בעטראכטען. די נאכט איז געקומען; גאָטפריעד'ס פּנים איז ביסלאכווייז פארלאָשען געוואָרען. ארום האָט געהערשט א שטילקייט. קריסטאָף איז פון זיין זייט פארכאפּט געוואָרען פון יענע געהיימניספולע איינדריקע, וואָס האָבען זיך אָבגעשפּיעגעלט אויף גאָטפריעדס פּנים. ער איז אריינגעפאַלען אין א פאר'חלומ'טקייט. די ערד איז געווען באדעקט מיט א שאָטען און דער הימעל איז געווען קלאָהר: די שטערען האָבען זיך גענומען בעווייזען. די קליינע כוואַליעס פון טייך האָבען זיך אָנגעקלאפּט אָן ברעג. דאָס קינד איז געוואָרען פארגליווערט. ניט וויסענדיג וואָס ער טהוט, האָט ער געקייט קליינע גראָז-בלעטלאך. א גריל האָט געצוויטשערט ביי זיין זייט. איהם האָט זיך געדאכט, אז ער שלאָפט איין... מיט אמאָל, אין דער פינסטערניש, האָט גאָטפריעד אָנגעהויבען צו זינגען. ער האָט געזונגען מיט א שוואכער, פארשלייערטער, אזוי ווי אָן אינעווייניגסטער שטים; מען וואָלט איהם ניט געקאָנט הערען אויף א שטח פון 20 טריט. אָבער עס איז אין איהר געלעזען א ריהרענדע הארציגקייט; עס האָט זיך אויסגעדוכט, ווי ער וואָלט טראכטען אויפ'ן קול און ווי מען וואָלט דורך אָט די מוזיק, ווי דורך קלאָהרע וואסער, לייענען ביז אויפ'ן גרונד פון זיין הארצען. קיינמאָל האָט קריסטאָף נאָך ניט געהערט אזוי זינגענדיג; און קיין מאָל האָט ער ניט געהערט אזא ליעד. לאנגזאם, איינפאך, קינדיש איז עס געגאנגען מיט שווערע טריט, טרויעריג, אביסעל מאנאטאָן, זיך קיינמאָל ניט איילענדיג — מיט לאנגע הפסקות, — און דאן פון דאָס נייע זיך אוועקלאָזענדיג אין וועג, זיך ניט קימערנדיג דערביי, צי עס וועט אָנקומען בשלום.

אָדער עס וועט געהן פארלאָרען אין דער נאכט. עס האָט אויסגעוויזען ווי עס וואָלט קומען פון א ווייטען מהלך און ווי עס וואָלט געהן, ווער ווייס וואוהין. זיין ערנסטקייט איז געווען פול פון אונרוה; און אונטער זיין כלומרשט'־דיגען פריעדען האָבען געשלאָפען יסורים פון לאנגע דורות. קריסטאָף האָט קוים געאָטעמט, ער האָט ניט געוואגט זיך א ריהר צו טהאָן און איז געוואָרען אין גאנצען קאלט פון אויפרעגונג. ווען עס איז געווען געענדיגט, האָט ער זיך א וואָרף געטהאָן צו גאָטפריעדען און מיט א צוזאמענגעקוועטש־טען האלז א פרעג געטהאָן:

— „פעטער!"

גאָטפריעד האָט ניט געענטפערט.

— „פעטער!" האָט דאָס קינד איבערגע'חזר'ט, ארויפ־לייגענדיג די הענד און די מאָרדע אויף גאָטפריעדס קניע.

גאָטפריעדס הארציגע שטים האָט א זאָג געטהאָן:

„מיין קליינער"...

—„וואָס איז עס אזוינס, פעטער? זאָג מיר! וואָס האָסטו געזונגען?"

„איך ווייס ניט."

— „וואָס איז עס דאָך אזוינס?"

„איך ווייס ניט, עס איז א ליעד".

— „איז עס דיינס א ליעד?"

„ניין, ניט מיינס! ווי פאלט עס דיר גאָר איין!... עס איז אַן אלט ליעד."

— „ווער האָט עס געמאכט?"

„דאָס ווייס מען ניט"...

— „ווען?"

„דאָס ווייס מען ניט..."

— „ווען דו ביזט נאָך געווען א קליינער ?“

„נאָך איידער איך בין אויף דער וועלט געווען, איידער מיין טאַטע איז אויף דער וועלט געווען, נאָך איידער מיין טאַטעס טאַטע און דער טאַטע פון טאַטעס טאַטען... עס איז אַלעמאָל געווען.“

— „ווי מאָדנע עס איז ! קיינער האָט מיר דערפון קיין מאָל ניט דערצעהלט.“

ער האָט א מינוט נאָכגעטראַכט :

„פעטער, ווייסטו ניט פון נאָך אַזוינע לידער ?“

„יאָ“.

— „זינג נאָך איינס ! וועסטו ?“

„צו וואָס זינגען נאָך אַן אַנדערס ? איינס איז גענוג. מען זינגט, ווען עס ווילט זיך זינגען, ווען מען מוז זינגען. מען דאַרף ניט זינגען סתם צוליעב שפּאַס...“

— „אַבער דאָך, ווען מען מאַכט די מוזיק“ ?

„דאָס איז ניט קיין מוזיק“.

דער קלייגער האָט זיך ווייטער פאַרטראַכט. ער האָט עס ניט גוט באַנומען. ער האָט אבער ניט געבעטען קיינע ערקלעהרונגען: עס איז באמת ניט געווען קיין מוזיק, ניט קיין מוזיק ווי די אַנדערע. ער האָט ווידער אָנגעהויבען:

— „פעטער, האָסטו ווען אַזוינס געמאַכט ?“

„וואָס ?“

— „לידער !“

„לידער ? ווי אַזוי זאָל איך עס מאַכען ? דאָס ווערט ניט געמאַכט“.

דאָס קינד איז צוגעשטאַנען מיט זיין געוועהנליכער לאָגיק :

— „פּעטער, אבער ווען עס איז האָט מען עס דאָך געמוזט מאַכען...“

גאָטפריעד האָט פאַר׳עקשנ׳ט געשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ:

„דאָס איז שטענדיג געווען“.

דאָס קינד האָט פון דאָס נייע זיך פּרובירט:

— „פּעטער, צי קען מען אבער ניט מאַכען אַנדערע, נייע?“

"צו וואָס זאָל מען עס מאַכען? עס זיינען פאַרהאַן גע־נוג פאַר יעדען איינעם. עס זיינען פאַרהאַן אַזוינע, ווען דו ביזט אומעטיג און אַנדערע ווען דו ביזט פרעהלאַך; אַזוינע, בעת דו ביזט פאַרמאַטערט און טראַכסט וועגען דער וויי־טער היים; און אַנדערע, ווען דו ביזט מבזה זיך אַליין, ווייל דו ביזט א שלעכטער בעל־עברה, א ווארים פון דער ערד; אַזוינע, בעת דיר ווילט זיך וויינען, ווייל די מענשען זיינען ניט גוט צו דיר; און אַנדערע, ווען עס איז דיר פרעה־לאַך אויפ׳ן האַרצען, ווייל די זון שיינט און דו זעהסט גאָט׳ס הימעל, וועלכער איז שטענדיג גוט ווי ע ר, און זעהט אויס ווי ער וואָלט שמייכלען צו דיר... עס זיינען פאַרהאַן גענוג פאַר אַלץ, פאַר אַלץ. צו וואָס זאָל איך מאַכען נאָך?“

— „כדי צו ווערען א גרויסער מענש!“ האָט דער קליינער געזאָגט, נאָך אין גאַנצען פול פון דעם זיידענס הבטחות און פון זיינע אייגענע חלומות.

גאָטפריעד האָט געענטפערט מיט א קליינעם, זיסען געלעכטער. אביסעל געקריינקט, האָט קריסטאָף א פרעג גע־טהאָן:

— „וואָס לאַכסטו?“

גאָטפריעד האָט געענטפערט:

„א! איך בין דאָך גאָרניט.“

און גלעטענדיג דאָס קינד איבער'ן קאָפּ, האָט ער אַ פראַגע געטהאָן:

„און דו ווילסט דאָך ווערען אַ גרויסער מענש?"

— „יאָ," האָט קריסטאָף שטאָלץ געענטפערט.

ער האָט געמיינט, אַז גאָטפריעד וועט איהם זעהר באַוואונדערן. אָבער גאָטפריעד האָט געענטפערט:

„צי וואָס ווילסטו עס ווערען?"

קריסטאָף איז געוואָרען אַ צוטומעלטער, נאָכדעם ווי ער האָט אַביסעל געזוכט, האָט ער געענטפערט:

— „כדי צו מאַכען שעהנע ליעדער!"

גאָטפריעד האָט זיך ווידער צולאַכט און געזאָגט:

„דו ווילסט מאַכען ליעדער, אום צו זיין אַ גרויסער מענש; און דו ווילסט זיין אַ גרויסער מענש, אום צו מאַכען ליעדער. דו ביזט ווי אַ הונט, וואָס דרעהט זיך ארום זיין אייגענעם עק."

קריסטאָף האָט זיך געפיהלט באַליידיגט. אין אַן אַנדער אויגענבליק וואָלט ער ניט פאַרטראָגען, אַז דער פעטער איבער וועלכען ער פלעגט געוועהנליך זיך מאַכען הײמליך, זאָל איצט גאָר פון איהם מאַכען חוזק. צו דערזעלבער צייט האָט ער קיינמאָל ניט געטראַכט, אַז זיין פעטער זאָל האָבען גענוג שכל צו קענען איהם בריינגען אין אַ פערלעגענהייט מיט זיינע רייד. ער האָט געזוכט עפּעס אַן ארגומענט, אָדער אַ גראָבקייט, מיט וועלכע ער וואָלט איהם געקאָנט ענטפערן, און האָט ניט געפונען. גאָטפריעד האָט ווייטער גערעדט:

„ווען דו וואָלסט אפילו געווען אַזוי גרויס ווי פון דאַנען ביז קאָבלענץ, וואָלסטו אויך קיין מאָל ניט געקאָנט אנשרייבען קיין איינציג ליעד".

קריסטאָף האָט פּראָטעסטירט:

— „און איך וויל מאַכן!...“

„וואָס מעהר דו ווילסט, אַלץ ווייניגער קענסטו. כדי צו קענען עס מאַכען, מוזטו זיין ווי זיי. האָרך...“

די לבנה האָט זיך אויפגעהויבען פון הינטער די פעל־דער, אַ קיילעכדיגע און אַ ליכטיגע. אַ זילבערנער נעבעל האָט געשוועבט איבער דער ערד און איבער דאָס שפּיגעלדיגע וואַסער. די זשאַבעס האָבען געקוואַקעט און מען האָט גע־הערט פון ווייטען דאָס מעלאָדישע פּייפען פון די פראָשען. דער ציטערנדיגער קול פון די גראָז־הײשעריקען האָט אויס־געוויזען צו ענטפערן די שימערירענדע שטערן. דער ווינט האָט לייכט גערוישט דורך די אַלכענצווייגען. פון די בערג־לאַך הינטער'ן טייך האָט זיך געטראָגען דער צאַרטער געזאַנג פון אַ נאַכטיגאַל.

„צו וואָס דאַרפסטו זינגען?“ האָט גאָטפריעד זיך אָפּ־געזיפצט נאָך אַ לאַנגען שווייגען — (מען האָט ניט גע־וואוסט, צי ער האָט עס גערעדט צו קריסטאָף'ן, אָדער צו זיך אַליין) „צי דען זינגען זיי ניט בעסער, ווי אַלץ, וואָס דו וואָלסט געקאָנט מאַכען?“

קריסטאָף האָט שוין פיעל מאָל געהערט די גערוישען פון דער נאַכט און האָט זיי האָלט געהאַט. אָבער קיין מאָל האָט ער זיי אַזוי גוט ניט באַנומען. אין אמת'ען: צי וואָס דאַרף מען זינגען?... ער האָט געפיהלט, ווי זיין האַרץ ווערט פול מיט צערטליכקייט און טרויער: איהם וואָלט זיך געוואָלט אַרומנעהמען די פעלדער, דעם טייך, דעם הימעל און די ליעבע שטערן. און ער איז געוואָרען דורכגעדרונגען מיט ליעבע צום פעטער גאָטפריעד, וועלכער האָט איהם איצט אויסגעוויזען דער בעסטער, דער קליגסטער און דער שעהנס־

טער פון אלעמען. ער האט געטראכט וועגען דעם, וואס פאר א פאלשע מיינונג ער האט וועגען איהם געהאט; און ער האט געמיינט, אז דער פעטער גאטפריעד איז אומעטיג, ווייל ער, קריסטאף, האט פון איהם א שלעכטע מיינונג געהאט. ער איז געווען פול מיט חרטה. ער האט געפיהלט דאס בעדירפ־ניש איהם צוצורופען: פעטערל! זיי מעהר ניט אומעטיג! איך וועל מעהר ניט זיין שלעכט! זיי מיר מוחל, איך האב דיך האלט". ער האט.אבער ניט געהאט די העזה. — פלוצלונג האט ער זיך א ווארף געטהאן אין גאטפריעד'ס ארימס, אבער די ווערטער האבען ניט געוואלט אראפ פון זיינע לי־פען; ער האט נאר איבערגע'חזר'ט: „איך האב דיך האלט". און האט איהם לײדענשאפטליך געקושט. — גאטפריעד, אי־בערראשט און געריהרט, האט נאר איבערגע'חזר'ט עטליכע מאל: „אבער, וואס איז אזוינס, וואס איז?" און האט איהם אויך געקושט. נאכהער האט ער זיך אויפגעהויבען, איהם גענומען פאר'ן האנט און געזאגט: „מיר מוזען געהן אהיים". קריסטאף איז געגאנגען אין אומעטיגער, ווייל ער האט געמיינט, אז דער פעטער האט איהם ניט פארשטאנען. ווען זיי זיינען אבער געקומען אהיים, האט גאטפריעד גע־זאגט צו איהם: „אויב דו ווילסט, וועלען מיר אין אווענד אפט געהן צוזאמען אום צו הערען די מוזיק פון ליעבען גאט, און איך וועל דיר זינגען אנדערע ליעדער." און ווען קריס־טאף האט איהם ארומגענומען און מיט דאנקבארקייט גע־קושט, איהם זאגענדיג א גוטע נאכט, האט ער געזעהן, אז דער פעטער האט איהם פארשטאנען.

פון דאמאלט אן פלעגען זיי פון אווענד אפט געהן צוזא־מען שפאצירען; זיי פלעגען וואנדערן אין דער לענג פון טייך אדער איבער פעלדער, ניט אויסרײדענדיג א

וואָרט יצווישען זיך. גאָטפריעד פלעגט לאַנגזאַם רויכערן זיין ליולקע, און קריסטאָף, אַביסעל איינגעשראָקען פון דער פינסטערניש, פלעגט איהם דערלאַנגען די האַנד. זיי פלעגען זיך אַוועקזעצען אין גראָז; און נאָך אייניגע מינוטען פון שטילקייט, פלעגט גאָטפריעד נעהמען ריידען צו איהם וועגען די שטערן און די וואָלקענס. ער האָט איהם געלערנט, ווי אַזוי צו אונטערשיידען דעם הויך פון דער ערד, פון דער לופט און פון וואַסער, די געשרייען, די גערוישען פון דער קליינער, פליהענדער, קריכענדער, שפּרינגענדער און שווימענדער וועלט, וואָס קישעט אַרום אין דער פינסטערניש, די סמנים פון רעגען און פון שעהנעם וועטער, און די אינסטרומענטען אָהן אַ צאָהל פון דער סימפאָניע פון דער נאַכט. אָפטמאָל פלעגט גאָטפריעד אויך זינגען טרויעריגע אָדער פרעהליכע נגונים, און שטענדיג פלעגט קריסטאָף ווערען געריהרט ווי צום ערשטען מאָל. אַבער קיין מאָל פלעגט גאָטפריעד ניט זינגען מעהר ווי איין ליעד אַן אָוועגד. קריסטאָף האָט אויך באַמערקט, אַז ער זינגט ניט גערן, ווען מען בעט איהם; דאָס האָט געמוזט קומען פון זיך אַליין, ווען ער האָט געהאַט חשק דערצו. אָפט פלעגט מען דאַרפען לאַנג וואַרטען, און ווען קריסטאָף פלעגט שוין טראַכטען: „אָט האָסטו! ער וועט שוין דעם אָוועגד ניט זינגען...“ פלעגט גאָטפריעד זיך דוקא באַשליסען צו זינגען...

איין אָוועגד, ווען גאָטפריעד האָט באמת ניט געזונגען, איז קריסטאָף'ן איינגעפאַלען דער געדאַנקען איהם צו ווייזען איינע פון זיינע קאָמפּאָזיציעס, וואָס האָבען איהם פערשאַפט אַזוי פיעל פרייד און זאָרג. ער האָט איהם געוואָלט

בעווייזען, וואָס פאַר אַ גרויסער קינסטלער ער איז. גאָטפריעד האָט זיך רוהיג צוגעהערט, דאַן האָט ער געזאָגט:

„ווי מאוס דאָס איז, מיין אָרימער קריסטאָף!“

קריסטאָף איז אַזוי געוואָרען איבערראשט, אַז ער האָט ניט געפונען וואָס צו ענטפערן. גאָטפריעד האָט איבערגע־חזר'ט, פול פון רחמנות.

„צי וואָס האָסטו עס געמאַכט? עס איז אַזוי העסליך! קיינער האָט דאָך דיר ניט געצוואונגען עס צו מאַכען.“

קריסטאָף האָט פּראָטעסטירט, רויט פון כעס.

— „דער זיידע געפינט, אַז מיין מוזיק איז זעהר גוט“ — האָט ער געשריען.

„אַזוי“ — האָט גאָטפריעד באַמערקט גאַנץ געלאַסען

— „ער האָט געווים רעכט. ער איז זעהר אַ געלעהרטער מאַן. ער האָט אַ ידיעה אין מוזיק. איך אבער פארשטעה גאָר ניט...“

און אין אַ מינוט אַרום:

„אָבער איך געפין, אַז דאָס איז זעהר מאוס!“

ער האָט גוטמוטיג אַ קוק געטהאָן אויף קריסטאָף'ן, האָט דערזעהן זיין בייזען פּנים, האָט זיך פארנאַנדערגע־לאַכט און געזאָגט:

„האָסטו פאַרפאַסט נאָך אַנדערע נגונים? טאָמער וועט לען די אַנדערע מיר מעהר געפעלען ווי דער?“

קריסטאָף האָט געמיינט, אַז זיינע אַנדערע נגונים וועט לען אויסלעשען דעם איינדרוק פון ערשטען, און ער האָט זיי אַלע אויסגעזונגען. גאָטפריעד האָט גאָר ניט געזאָגט; ער האָט געוואַרט ביז אַלץ וועט זיין געענדיגט. דאַמאָלט האָט ער אַ שאָקעל געטהאָן מיט'ן קאָפּ און געזאָגט מיט טיעפער איבערצייגונג:

„דאָס איז נאָך מאוס'ער".

קריסטאָף האָט צוזאַמענגעדריקט די ליפּען און זיין מאָרדע האָט געציטערט. ער האָט געהאַלטען ביים פּאַנאַנדערוויינען זיך. גאָטפריעד האָט איבערגע'חזר'ט, ווי ער אַליין וואָלט געווען איבערראַשט:

„ווי מאוס דאָס איז!"

קריסטאָף האָט געשריען מיט אַ שטים, פול פון טרעהרען:

— „אַבער פאַר וואָס געפינסטו, אַז זיי זיינען אַזוי העסליך?"

גאָטפריעד האָט אַ קוק געטהאָן אויף איהם מיט זיינע עהרליכע אויגען:

„פאַר וואָס?... איך וויים ניט... וואַרט... עס איז מאוס... ערשטענס, וויל עס איז נאַריש... יאַ, אָט דאָס איז עס... עס איז נאַריש און עס זאָגט גאָר נישט... אָט דאָס איז עס. ווען דו האָסט דאָס געשריבען, האָסטו גאָר ניט געהאַט וואָס צו זאָגען. צו וואָסזשע האָסטו דאָס געשריבען?"

— „איך וויים ניט" — האָט קריסטאָף געענטפערט מיט אַ וויינענדיגען קול. „איך האָב געוואָלט שרייבען אַ שעהנע שטיק."

„זעהסטו! דו האָסט עס געשריבען, נאָר אום צו שרייבען. דו שרייבסט, כדי צו ווערען אַ גרויסער מוזיקאַנט, כדי מען זאָל דיך באַוואונדערן. דו ביזט געווען אַ פּוסטער בעל־גאוה און דו האָסט זיך אַליין גענאַרט: דו ביזט דערפאַר באַשטראָפט געוואָרען... דאָס איז עס. מען ווערט שטענדיג באַשטראַפט, ווען מען איז אין דער מוזיק אַ בעל גאוה און אַ ליגנער. מוזיק וויל זיין עהרליך און באַשיידען. אויב ניט, וואָס איז זי? זינדיג, אַ לעסטערונג געגען גאָט, וועל־

בער האָט אונז געשאָנקען דעם שעהנעם געזאַנג, אום אַרויס־צוזאַגען דאָס, וואָס איז אמת און עהרליך.

ער האָט איצט באַמערקט דעם צער פון קליינעם און האָט איהם געוואָלט אַ קוש טהאָן. אַבער קריסטאָף האָט זיך אַבגעקעהרט מיט כעס, און עטליכע טעג איז ער געווען אָנ־געבלאָזען אויף איהם. ער האָט גאָטפריעד'ן געהאַסט. — אַבער אומזיסט האָט ער פאַר זיך אַליין איבערגע'חזר'ט: „ער איז אַן עזעל! ער ווייס גאָר נישט, גאָר נישט! דער זיידע איז פיעל קליגער, און ער געפינט מיין מוזיק פאַר זעהר גוט" —; טיעף אין הארצען האָט ער געפיהלט, אַז רעכט האָט דער זיידע; דאָך גאָטפריעד'ס ווערטער האָבען זיך טיעף איינ־געקריצט אין זיין נשמה: „ער האָט זיך געשעמט, וואָס ער איז געווען אַ ליגנער."

און, ניט קוקענדיג אויף זיין כעס, האָט ער פון איצט אַן שטענדיג געטראַכט וועגען איהם, בעת ער האָט געשרי־בען מוזיק; און אָפט פלעגט ער דאָס אויפגעשריבענע צוריי־סען פון שאַנד, וואָס יענער וועט וועגען דעם טראַכטען. טאָ־מער פלעגט ער זיך ניט וויסענדיג מאַכען און אויפשרייבען אַ מעלאָדיע, וועגען וועלכע ער האָט געוואוסט, אַז זי איז ניט אינגאַנצען עהרליך, פלעגט ער זי גאַנץ פאַרזיכטיג באַהאַל־טען פון פעטער; ער האָט געציטערט פאַר זיין מיינונג און זיך געפיהלט גליקליך, ווען גאָטפריעד פלעגט זאָגען פון זיינע אַ שטיק: „דאָס איז ניט צו מאוס... איך האָב עס האָלט..."

אָפטמאָל, אום זיך נוקם צו זיין אָן איהם, פלעגט ער איהם אָבטהאָן אַ שפּיצעל: ער פלעגט נגונים פון גרויסע קאָמפּאָזיטאָרס אָנגעבען פאַר איהם אלס זיינע אייגענע. און ער פלעגט ווערען מלא שמחה, ווען גאָטפריעד פלעגט צו־פעליג געפינען, אַז וועלכע פון זיי איז מאוס. דאָך גאָטפריעד

פלעגט זיך דערפון ניט שטאַרק נעהמען צום האַרצען. ער פלעגט גוטמוטהיג לאַכען, ווען ער פלעגט זעהן, ווי קריס־טאָף טאַנצט אַרום איהם אַרום, פּאַטשענדיג מיט די הענד; ער פלעגט שטענדיג זיך אומקעהרען צו זיין געוועהנליכען אַרגומענט: „עס קען זיין, אז עס איז גוט געשריבען, אָבער דאָס זאָגט גאָר ניט." — ער האָט קיין מאָל ניט געוואָלט פערבלייבען ביי וועלכען עס איז פון די קליינע קאָנצער־טען, וואָס פלעגען געגעבען ווערען צו הויז. ווי גוט א שטיק איז ניט געווען, פלעגט ער דאָך אָנהויבען גענעצען און זיין פּנים פלעגט פון לאַנגוויילינקייט ווערען טעמפּ. באַלד פלעגט ער עס ניט קענען מעהר אַריבערטראָגען און ער פלעגט שטיי־לערהייט, זיך ניט געזעגענדיג, אַרויס'גנב'ענען. ער פלעגט זאָגען:

„זעה, קליינער: אַלץ ,וואָס דו שרייבסט אין דער היים, איז ניט קיין מוזיק. מוזיק אין הויז, איז ווי די זון אין א קאַמער. מוזיק איז אין דרויסען, ווען דו אָטעמסט מיט גאָט'ס ליעבע, פרישע לופט."

ער האָט שטענדיג גערעדט מיט'ן ליעבען גאָט; וואָרום ער איז געווען זעהר פרום, אין הפך צו דיביידע קראַפּטס, וועלכע האָבען זיך געהאַלטען פאַר מענשען מיט א פרייען גייסט, כאָטש זיי האָבען זיך שטאַרק געהיט ניט צו עסען פרייטאַג קיין פלייש...

פלוצלונג האָט מעלכיאָר געביטען זיין מיינונג און קיי־נער האָט ניט געוואוסט פאר וואָס. ניט נאָר האָט ער מסכים געווען, אז דער זיידע זאָל צוזאמענקלייבען קריסטאָף'ס מו־זיקאַלישע אנטפּלעקונגען; ער האָט, צו קריסטאָף'ס איבער־ראשונג, פארבראַכט עטליכע אָוונדען אליין איבערצושריי־בען דערפון צוויי־דריי קאָפּיעס. אויף אַלע פראגען, וואָס מען האָט איהם געשטעלט מכח דעם, האָט ער געענטפערט מיט א וויכטיגער מינע, אז מען וועט שוין זעהן; אָדער ער פלעגט זיך מיט א געלעכטער רייבען די הענד, פלעגט א שטארקען קלאַפּ טהאָן דעם קליינעם איבער'ן קאָפּ, כלומרשט ווי אין א שפּאס, אדער א צופריעדענער, איהם אריינצעהלען שמיץ. קריסטאָפ'ן האָט געעקעלט פון דער דאָזיגער חבר'שאפט; ער האָט געזעהן, אז זיין פאטער איז צופריעדען, כאָטש ער האָט ניט געוואוסט פארוואָס.

נאָכהער זיינען אָנגעגאנגען געהיימע פערהאנדלונגען צווישען מעלכיאָר'ן און דעם זיידען. איין אָוועגד האָט קריסטאָף, צו זיין גרעסטער פארוואונדערונג, זיך דערוואוסט, אז ער האָט געווידמעט זיינע „פרייד פון פריהער קינדהייט" פערזענליך צו זיין קעניגליכער מאַיעסטעט, דעם גרויס־פירשט לעאָפּאָלד. מעלכיאָר האָט געפּרובירט פאראויס אויס־געפינען, ווי דער פירשט וועט עס אויפנעהמען. און יענער האָט אויסגעדריקט א בערייטוויליגקייט אנצונעהמען גנאדיג די ווידמונג. נאָכדעם האָט מעלכיאָר מיט גרויס טריאומף

ערקלעהרט, אז מען דארף, ניט פארלירענדיג א מינוט, טהאָן פאָלגענדעס: ערשטענס, אריינגעבען אן אָפיציעלע אַנפראַגע ביים פירשט; צווייטענס, אבדרוקען דאָס ווערק; און דריטענס, אָרגאַניזירען א קאָנצערט, אום עס צו לאָזען הערען.

מעלכיאר און זשאַן מישעל האָבען געהאט צווישען זיך נאָך לאנגע בעראטונגען. צוויי דריי אווענדען האָבען זיי זעהר היים דיסקוטירט; עס איז געווען פארבאָטען זיי צו שטערען. מעלכיאר האָט געשריבען, אויסגעמעקט, ווידער אויסגעמעקט, ווידער געשריבען. דער אַלטער האָט גערעדט הויך אויפ'ן קול, אזוי ווי ער וואָלט פאָרגעלייענט פערזען. פון צייט צו צייט פלעגען זיי זיך ארומרייסען, אָדער פלעגען קלאַפּען אין טיש, ניט געפינענדיג קיין ווערטער.

דאַן האָט מען אריינגערופען קריסטאָף'ן, איהם אוועקגעזעצט, איינגעדריקט צווישען זיידען און טאַטען און מען האָט איהם אריינגעשפּארט א פעדער צווישען די פינגער. דער זיידע האָט געגומען איהם דיקטירען עפּעס, פון וואָס ער האָט א וואָרט ניט פערשטאַנען: ווייל ער האָט זיך שטארק אָנגעשטריינגט צו שרייבען וואָרט פאר וואָרט; ווייל מעלכיאר האָט איהם אין די אויערן אריינגעשריען, און ווייל דער אַלטער האָט דעקלאַמירט אין אזא טהעאטראַלישען טאָן, אז קריסטאָף איז אין גאַנצען פארטויבט געוואָרען פון דעם טאָן פון די ווערטער און האָט אפילו ניט געטראַכט צו פארשטעהן דעם זינען פון די ווערטער. דער אַלטער איז געווען ניט ווייניגער אויפגערעגט. ער האָט ניט געקאָנט איינזיצען אויף אַן אָרט און האָט זיך דורכגעשפּאצירט איבער'ן צימער, אונבעוואוסטערהייט באַגלייטענדיג די אויסדריקע פון זיין טעקסט מיט פארשיעדענע העוויות: יעדען אויגענבליק

פלעגט ער צוגעהן, אום זיך איינצוקוקען אין דעם קליינעמס בלאט. קריסטאף איז אינגאנצען געווען איינגעשראקען פון די ביידע גרויסע קעפ, וואס האבען זיך אריבערגעבויגען אי־בער זיין רוקען; ער האט ארויסגעשטעלט דעם צונג, האט קוים געקאנט איינהאלטען די פען, האט ניט געקאנט גוט זעהן, האט געמאכט צופיעל פאסקעס, אדער האט פאר־שמיערט אלץ, וואס ער האט אנגעשריבען. — מעלכיאר האט געברילט, זשאן־מישעל האט געשטורמט; און ער האט געמוזט אנהויבען נאך אמאל און נאך אמאל פון דאס ניי; און האט מען שוין געהאלטען ביים ציעל, איז מיט אמאל א גרויסער פלעק פון טינט ארונטערגעפאלען אויף די שענסטע זייט: דאמאלט האט מען איהם שטארק אנגעריסען פאר די אויערן, פארבאטענדיג צו וויינען, כדי ניט איינצופאטשקענען דאס פאפיר און מען האט אנגעהויבען צו דיקטירען ווידער פון דער ערשטער שורה אן; און ער האט געמיינט, אז אזוי וועט עס אנגעהן ביז צום ענד פון זיין לעבען.

ענדליך איז מען געקומען צום ציעל. זשאן־מישעל האט זיך אנגעשפארט אן אויוון; און האט דורכגעלייענט דאס ווערק מיט א שטים, וואס האט געציטערט פון פארגניגען. און מעלכיאר, זיך פאנאנדערלייגענדיג אין שטול, האט גע־קוקט אויף דער דעקע, געשאקעלט מיט דער מארדע און, ווי אן עכטער פיינשמעקער, זיך מחיה געווען מיט דעם סטיל פון פאלגענדען בריעף:

הויך־ווירדיגער, העכסט־ערהויבענער

גנעדיגער הער!

„פון מיין פערטען יאהר אן איז די מוזיק פאר מיר געווען די העכסטע פון מיינע קינדערשע באשעפטיגונגען.

גלייך ווי איך בין געקומען אין פאַרבינדונג מיט דער איי־דעלער מוזע, וואָס האָט ערוועקט אין מיין נשמה ריינע האַר־מאָניען, האָב איך זי געליעבט. איצט בין איך שוין דערגאַנ־גען צו מיין זעקסטען יאָהר; און מיין מוזע שושקעט מיר אריין זייט אייניגער צייט, אין די שטונדען פון געטליכער אנטפלעקונג: „זיי מוטהיג! זיי מוטהיג! שרייב אַמאָל אויף די האַרמאָניען פון דיין נשמה!" — איך האָב געטראַכט: „זעקס יאָהר! ווי אַזוי דאַרף איך עס וואַגען? וואָס וועלען וועגען מיר זאָגען די מענשען, וואָס פאַרשטעהען די קונסט?" איך האָב געצווייפעלט. איך האָב געציטערט. אָבער מיין מוזע האָט געוואָלט... איך האָב געהאָרכט. איך האָב געשרי־בען.

„און איצט, צי דאַרף איך, אָ, ערהויבענסטע הויכקייט

„צי דאַרף איך מיר ערלויבען די גרויסע חוצפה אוועק־צולעגען פאַר די פיס פון דיין טראָהן די ערשט־געבאָרענע פון מיינע אַרבייטען?... צי דאַרף איך גאַר וואַגען צו האָפען, אַז דו וועסט לאָזען פאַלען אויף זיי דעם פאַטערליכען בליק פון דיין דורכלויכטענדער גנאַד?..

„אה! געוויס! וואָרום וויסענשאַפט און קונסט האָבען שטענדיג געפונען אין דיר זייער קלוגען באשיצער און זייער גרויסמוטיגען רעטער; און וויייל יעדער טאלאנט בליהט אונ־טער דיין הייליגען שוץ.

„פול פון דיזען טיעפען און פעסטען גלויבען, נעהם איך מיר די העזה זיך צו דערנעהענטערן צו דיר מיט מיינע קינ־דערשע פּראָבעס. נעהם זיי אַן ווי א ריינע מתנה פון מיין קינדערשער פאַרעהרונג און משפט זיי מיט גוטסקייט.

„אָ, ערהאַבענסטע הויכקייט!

„וואַרף דיין בליק אויף זיי און אויף זייער יונגען פער־

פאסער, וואס קניהט פאר דיר מיט טיעפער געהארכזאמ־
קייט

„פון זיין הויך ווירדיגער, העכסט ערהויבענער הויכקייט
גאנץ ערגעבענער,
טרייער און געהארכזאמער דיענער
זשאן קריסטאף קראפט".

קריסטאף האט דערפון גאר ניט פערשטאנען: ער איז געוועזן צו גליקליך, ענדליך צו זיין פארטיג; און מורא האָ־בענדיג, אז מען זאל ניט אנהויבען פון דאס ניי, איז ער אנטלאפען אין די פעלדער. ער האט ניט אנגעהויבען צו ווי־סען, וואס אזוינס ער האט אנגעשריבען; און ער האט זיך גאנץ ווייניג געקימערט וועגען דעם. דער אלטער אבער האט, נאך דעם ווי ער האט איין מאל שוין געענדיגט לייענען, פון דאס ניי עס איבערגעלייענט, כדי גוט צו געדענקען; און נאכדעם ווי ער האט איין מאל שוין געענדיגט לייענען, האבען זיי ביידע, ער און מעלכיאר, ערקלעהרט, אז עס איז א מייס־טערשטיק. דאס איז אויך געוועזן די מיינונג פון גרויס־פירשט, צו וועמען דער בריעף איז צוגעשטעלט געווארען, צוזאמען מיט א קאפיע פון דעם מוזיקאלישען ווערק. ער האט געהאט די גוטסקייט צו לאזען וויסען, אז ביידע זיינען געשריבען אין א פרעכטיגען סטיל. ער האט געגעבען די ער־לויבניש פאר דעם קאנצערט, איבערלאזענדיג מעלכיאר'ן צו באנוצען דעם זאל פון זיין מוזיק־אקאדעמיע, ווען ער וועט עס געפינען פאר נויטיג; און גנאדיגסט געהייסען איהם פאר־צושטעלען דעם יונגען קינסטלער אין טאג פון דער פארשטע־לונג.

מעלכיאר האט זיך גענומען צו ארגאניזירען דעם קאנ־צערט אזוי שנעל ווי מעגליך. ער האט זיך פארזיכערט מיט

דער מיטווירקונג פון „הויפמוזיק פעראיין"; און אזוי ווי דער ערפאָלג פון זיינע ערשטע באמיהונגען האָט שטארק געטריבען אין דער הויף זיינע אמביציעזע פּלענער, האָט ער צו דערזעלבער צייט געלאָזען פארפארטיגען א פּראכטאויסגאַבע פון „די פרייד פון פריהער קינדהייט". געוואָלט האָט זיך איהם אויפ'ן פאָדערבלאַט לאָזען אויסגראווירען מעלכיארס בילד, ווי ער זיצט ביים קלאוויר און זיך אליין דערביי מיט דער פידעל אין האנד. אבער ער האָט געמוזט זיך דערפון ענטזאגען, ניט צוליעב דער הוצאה — מעלכיאר האָט זיך פאר קיין הוצאה ניט אבגעשטעלט — נאָר, ווייל די צייט איז געווען צו קורץ. ער האָט זיך באנוגט מיט אן אלעגארישע צייכנונג, וואָס האָט פארגעשטעלט א וויעג, א טראָמפּייט, א פּויק, א הילצערנעם פערדעל, וואָס זיינען געווען פאנאנדערגעשטעלט ארום א ליניע, פון וועלכע זון־שטראהלען האָבען זיך צוגאָסען. אויפ'ן פאָדערבלאַט איז, צוזאמען מיט דער לאנגער ווידמונג, אין וועלכער דער נאָמען פון גרויספירשט איז געווען אבגעדרוקט מיט ריעזיגע אותיות, געשטאַנען אויך די באמערקונג, אז זשאן קריסטאָף קראפט איז איצט אלט נאָר זעקס יאהר. — אין אמת'ן איז ער שוין געווען זיעבען און א האלב. — דאָס דרוקען פון ווערק האָט געקאָסט זעהר פיעל; כדי עס צו בעצאָהלען האָט דער זיידע געמוזט פארקויפען א טייערען קעסטעל פון 18טען יאהרהונדערט מיט אויסגעשניצטע פיגורען, פון וועלכען ער האָט ביז איצט קיינמאָל זיך ניט געקאָנט שיידען, ניט קוקענדיג אויף אלע אנבאָטען פון טאנדעטניק ווארמסטער. מעלכיאר האָט אבער ניט געצווייפעלט, אז דאָס אבאנעמענט וועט דעקען מעהר ווי די הוצאות פאר דאָס ווערק.

אן אנדער פראגע האָט איהם באשעפטיגט: וואָס פאר אַן

אנצוג זאָל קריסטאָף טראָגען אין טאָג פון קאָנצערט? צו דעם צוועק איז אָבגעהאלטען געוואָרען א פאמיליען־בעראטונג. מעלכיאָר׳ן וואָלט זיך געוואָלט, אז דער קליינער זאָל אויפ־טרעטען אין א קורצע קליידעל מיט נאקעטע פיס, ווי א פיעריאָהריגעס קינד. קריסטאָף אבער איז געווען גאנץ גוט געוואקסען פאר זיינע יאהרען; און דערצו האָבען איהם אלע געקענט: מען האָט ניט געקאָנט האָפען, וועמען עס איז אָב־צונארען. דאמאָלט איז מעלכיאָר׳ן איינגעפאלען א גרויס־ארטיגער געדאנק. ער האָט באשלאָסען, אז מען דארף דאָס קינד אָנטהאָן אין א פראק מיט א ווייסען קראוואט. אומזיסט האָט לואיזע פראָטעסטירט, אז מען וויל איהר אָרימען אינ־געל לעכערליך מאכען. מעלכיאָר האָט דוקא גערעכענט אויף דעם ערפאָלג פון דער לייכטער פרעהליכקייט, וואָס אזא ניט ערוואַרטעטע ערשיינונג וועט ארויסרופען. און אזוי איז עס געטהאָן געוואָרען; און דער שניידער איז געקומען און גע־נומען א מאָס פאר דעם אנצוג פון דעם קליין מענשעלע. פיי־נע וועש און לאקירטע שיך זיינען נאָך אויך נויטיג געווען, און דאָס אלץ האָט געקאָסט די אויגען פון קאָפּ. קריסטאָף האָט זיך געפיהלט זעהר ניט בעקוועם אין זיינע נייע קליידער. כדי איהם צוצוגעוואָהנען דערצו, האָט מען איהם געמאכט עט־ליכע מאָל איבער׳חזר׳ן זיינע ווערק אין דעם אנצוג. שוין א חודש צייט, ווי מען האָט איהם קוים ארויסגעלאָזען פון קלאווירשטול. מען האָט איהם אויך געלערנט ווי זיך צו פארבויגען. אָט אזוי האָט ער ניט געהאט קיין פרייע מינוט. ער האָט זיך געקאָכט אין זיך, אבער ער האָט ניט געהאט די חוצפה זיך צו שטעלען אנטקעגען; ווארום ער האָט גע־טראכט, אז ער געהט אויפטהאָן א גלענצענדע זאך; ער האָט זיך שטאָלצירט דערמיט, אַי מורא געהאט פאר דעם. בכלל

האָט מען איהם זעהר שטארק אבגעהיט; מען האָט מורא גע־האט, ער זאָל זיך ניט צוקיהלען; און מען האָט איהם ארומ־געבונדען די האלז מיט עטליכע טיכלאך; מען האָט אָנגע־ווארימט זיינע שיך, פון מורא, טאָמער זיינען זיי נאַס; און ביים טיש האָט ער באקומען דעם בעסטען חלק.

ענדליך איז דער גרויסער טאָג געקומען. דער פריזירער האָט איבערגענומען די אויפזיכט איבער דעם טואלעט און האָט גענומען קרייזלען קריסטאָף'ס ווידערשפעניגע האָר: ער האָט זיך ניט בארוהיגט, ביז ער האָט זיי ניט געמאכט אויסקוקען ווי שעפסענע וואָל. די גאנצע פאמיליע איז פאר־בייגעגאנגען פארביי קריסטאָף'ן און ערקלעהרט, אז ער זעהט אויס גרויסטאַרטיג. נאָכדעם ווי מעלכיאר האָט איהם גוט ארומגעקוקט און געדרעהט אויף אלע זייטען, האָט ער זיך פלוצלונג א קלאפּ געטהאָן אויפן שטערן; און ער האָט זיך אוועקגעלאָזען זוכען א גרויסע בלום, וועלכע ער האָט ארייגגע־שטעקט דעם קליינעם אין א קנאפּלאך. לואיזע אבער, באַ־מערקענדיג עס, האָט אויפגעהויבען די הענד צום הימעל און גענומען שרייען, אז ער זעהט אויס, ווי א קליינע אבעזיאנ־קע. דאָס האָט שטארק געקריינקט קריסטאָף'ן. ער אליין האָט ניט געוואוסט, צי דארף ער זיך פרעהען, אדער זיך שעמען מיט זיין אויספוץ. אינסטינקטיוו האָט ער זיך געפיהלט ער־נידעריגט. נאָך מעהר האָט ער עס געפיהלט ביים קאָנצערט; און דאָס איז געוואָרען פאר איהם דער הערשענדער געפיהל אין יענעם מערקווירדיגען טאָג.

דער קאָנצערט האָט זיך שוין געדאַרפֿט אָנהויבען. א האַלבער זאַל איז געווען פוסט. דער גרויספירשט איז ניט געקומען. א ליעבעסווירדיגער פריינד, מיט גרויס בעקאַנט־שאַפט, אַזא וואָס געפינט זיך שטענדיג, האָט ניט פאַרזאַמט צו ברייינגען די נייעס, אַז אין הויף ווערט איצט אָבגעהאַל־טען א פערזאַמלונג פון מלוכה־ראַט, און אַז דער גרויספירשט וועט דערפֿאַר ניט קומען: ער ווייס עס פון א זיכערען קוואַל. מעלכיאָר איז געווען שטאַרק נידערשלאָגען; אָן אויפגערעגטער איז ער אַרומגעלאָפען אהין און צוריק און האָט ניט איינמאָל זיך אַרויסגעבויגען דורכ'ן פענסטער. דער אַלטער זשאַן מי־שעל איז אויך געווען שטאַרק צורודערט; אָבער מעהר וועגען דעם אייניקעל: ער האָט איהם פאַרוואַרפען מיט עצות. קריס־טאָף איז געוואָרען אָנגעשטעקט מיט זייער פיבער; וועגען זיינע ווערק האָט ער זיך אויף א האָר ניט בעאונרוהיגט, אָבער דער געדאַנק וועגען דעם, אַז ער וועט זיך דאַרפען פאַרבייגען פאַר'ן פובליקום, האָט איהם שטאַרק בעאונרו־היגט; און אַזוי ווי מען האָט איהם אַלץ דערמאָנט דאָס צו געדיינקען, האָט ער באַקומען פאַר דעם א גרויס פחד.

מען האָט פונדעסטוועגען געמוזט אָנהויבען: דאָס פוב־ליקום איז געוואָרען זעהר אונרוהיג. דער אָרקעסטער פון הויפמוזיק פעראיין האָט אָנגעהויבען מיט דער אוווערטיורע „קאָריאָלאַן". דאָס קינד האָט ניט געוואוסט ניט פון „קאָר־יאָלאַן", ניט פון בעטהאָווען: אויב ער האָט אפילו געהערט

שטיקער דערפון, האָט ער ניט געוואוסט, וואָס דאָס איז אזוינס. ער פלעגט קיינמאָל זיך ניט קימערן וועגען דעם נאָכמען פון די ווערק, וואָס ער האָט געהערט; ער פלעגט זיי רופען מיט נעמען, וואָס ער אליין פלעגט אויסטראכטען, און פלעגט ארום זיי אויפבויען קליינע מעשה׳לאַך, אָדער קליינע לאנדשאפטען; געוויינליך פלעגט ער זיי איינטהיילען אין דריי קאטעגאָריעס: פייער, ערד, וואסער, מיט טויזענד פארשיעדענע שאטירונגען. מאצארט איז כמעט שטענדיג געווען ביי איהם פארבונדען מיט וואסער: ער פלעגט זיך פארשטעלען א לאָנקע ביים ברעג פון א טייך, א דורכזיכטיגען נעבעל, וואָס שווימט איבער׳ן וואסער, א קליינעם פריהלינגרעגען, אָדער אויך א רעגענבויגען. בעטהאָווען איז געווען פייער: איינמאָל א שמעלץ־אויווען מיט ריעזיגע פלאַמען און געוואלטיגע רויך־וואָלקענס; אַן אנדער מאָל ווי א ברעננענדיגער וואלד, א שווארצער, שרעקליכער וואָלקען, פון וועלכען עס שפּרינגט ארוים א בליץ; אָדער ווי א קלאָהרער, אויסגעשטערנטער הימעל, פון וועלכען מען זעהט מיט האַרץקלאפעניש אין א סעפּטעמבער־נאכט ווי א שטערן רייסט זיך אָפּ, פאלט אראָפּ און שטארבט שטיל אָפּ. און אויך דעם מאָל האָט דער מעכטיגער בראנד פון אָט דער העלדישער נשמה איהם דורכגעברענט ווי א פייער. אלעס איבעריגע איז פארשוואונדען: וואָס פאר א שייכות האָט געהאט דאָס אלעס איבעריגע? דער נידערשלאָגענער מעלכיאר, דער צוטראָגענער זשאַן־מישעל, אָט די גאנצע פארהארעוועטע וועלט, דאָס פּובליקום, דער גרויספירשט, וואָס האָט דער קליינער קריסטאָף צו טהאָן מיט די אלע מענשען? וואָס פאר א שייכות האָבען זיי צו איהם? ער האָט נאָר געלעבט אין דעם צאָרנדיגען ווילען, וואָס האָט איהם מיטגעריסען

מיט זיך. אהן אטהעם האט ער איהם נאכגעפאלגט מיט טרעהרען אין די אויגען, מיט פארגליווערטע אברים און אב־גענומענע פיס, מיט א שוידער וואס האט איהם דורכגע־נומען דורך די הענד און די פיס. זיין בלוט האט שטארק געקלאפט און ער האט געציטערט מיט אלע אברים... און בעת ער איז אזוי געווען פארזונקען אין צוהערען זיך, בע־האלטען הינטער א קוליסע, האט פלוצלונג ביי איהם זיך אב־געריסען אין הארצען: דער ארקעסטער איז געבליבען שטעהן אין מיטען פון א טאקט, און נאך איין אויגענבליק פון שטיל־קייט האט ער אויסגעבראכען, אונטער דער פיהרערשאפט פון די טרומייטען און צימבאלען אין א שרייענדיגען מילי־טערישען מארש מיט זיין אפיציעלען פאראד. דער איבער־גאנג פון איין זארט מוזיק צו דער צווייטער איז געווען אזוי ברוטאל און ניט ערווארטעט, אז קריסטאף האט געקריצט מיט די ציינער, טראמפלענדיג מיט די פיס און סטראשענדיג מים'ן פויסט געגען וואנד. מעלכיאר אבער איז געווען איבער־גליקליך: דער פירשט איז אקארשט אריין אין זאל; און דער ארקעסטער האט איהם באגריסט מיט דער נאציאנאלער הימנע. זשאן מישעל האט דעם אייניקעל געגעבען די לעצ־טע גוטע עצות.

די אווטערטיורע איז ווידער אויפגעשפיעלט געווארען פון אנהויב אן און געענדיגט געווארען. איצט איז געקו־מען די צייט פאר זשאן־קריסטאף'ן. מעלכיאר האט אזוי קונציג צוזאמענגעשטעלט דאס פראגראם, אז עס האט גע־דארפט ארויסשטעלען אין פולען ליכט די גרויסקייט סאי פון פאטער און סאי פון זוהן. זיי האבען געדארפט שפיע־לען צוזאמען מאצארטס א סאנאטע פאר קלאוויר און פי־דעל. כדי צו מאכען דעם איינדרוק, וואס ווייטער אלץ שטאר־

קער, האָט ער בעשלאָסען, אז קודם כל דארף קריסטאָף אליין זיך בעווייזען. מען האָט איהם צוגעפיהרט צו דעם אריינגאנג פון דער ביהנע, איהם אָנגעוויזען אויף דעם קלאַוויר, וואָס איז געשטאַנען אין פאָרנט, און איהם ערקלעהרענדיג צום לעצטען מאָל, וואָס ער דארף טהאָן, האָט מען איהם ארויסגעשטופט פון הינטער די קוליסען.

ער איז ניט געוועזען שטארק איבערגעשראָקען, זייענדיג שוין זייט א לענגערער צייט צוגעוואָהנט צו טהעאטער-זאַלען; אבער ווען ער האָט זיך דערזעהן אליין אויף דער ביהנע מיט הונדערטע אויגען געגען זיך, איז פלוצלונג אויף איהם באַפאַלען אזא מורא, אז ער האָט ניט ווילענדיג זיך א ציה געטהאָן צוריק און האָט זאָגאר זיך אומגעקעהרט צו די קוליסען; דאָרט אבער האָט ער באַמערקט דעם פאַטער, וועלכער האָט איהם געסטראַשעט מיט צייכענס און מיט צאָרנדיגע בליקען. ער האָט געמוזט געהן ווייטער. דערצו האָט מען איהם שוין באַמערקט אין זאַל. וואָס נעהענטער ער איז געקומען צום פראָנט פון דער ביהנע, אלץ גרעסער איז געוואָרען דער נייגיעריגער ליארם, נאָך וועלכען עס האָט באלד זיך גענומען הערען אלץ א שטארקערער געלעכטער. מעלכיאָר האָט קיין טעות ניט געהאַט: דעם קליינעמס אויספוצונג האָט געמאַכט דעם איינדרוק, וואָס ער האָט ערוואַרט. דאָס פובליקום האָט אויסגעבראָכען אין א הילכיגען געלעכטער, זעהענדיג דעם קליינעם אינגעל מיט לאַנגע געקרייזעלטע האָר, מיט דעם פנים פון א קליין-ציגיינערל, טראַמפּלענדיג איבער דער ביהנע אַז איינגעשראָקענער, אויסגעפוצט אין א פאַראַדנעם קאָסטיום פון א זשענטעלמאַן. מען האָט זיך אויפגעהויבען פון די פלעצער איהם צו קענען בעסער זעהן. באלד זיינען אלע געוועזען פאַרכאַפּט פון א היימליכקייט, וואָס האָט אין

זיך בשום אופן ניט געהאט קיין שלעכטע געפיהלען, אבער וואס וואלט געקאנט מאכען דעם מוטהיגסטען קינסטלער פארלירען דעם קאפ. איינגעשראקען פון דעם גערויש, פון די בליקען און פון די בינאקלען, וואס זיינען געווען אויסגע־שטעלט אויף איהם פון אלע זייטען, האט קריסטאף געהאט נאר איין געדאנקען: אזוי גיך, ווי נאר מעגליך צו דערגעהן צום קלאוויר, וועלכער האט איהם אויסגעוויזען ווי אן אינ־זעל אין מיטען פון ים. מיט אן אראפגעלאזענעם קאפ, ניט קוקענדיג ניט אויף רעכטס און ניט אויף לינקס, איז ער, מיט שנעלע טריט, געלאפען אין דער לענג פון דער ביהנע; און, אנשטאט זיך צו פארבייגען פאר'ן פובליקום, בעת ער וועט זיך געפינען אין מיטען, ווי עס איז געווען אבגעמאכט, האט ער זיך אומגעקעהרט מיט'ן רוקען און זיך גלייך א לאז גע־טהאן צום קלאוויר. דער קלאוויר־שטוהל איז געווען אזוי הויך, אז ער האט ניט געקאנט זיך ארויפזעצען אויף איהם אהן די הילף פון פאטער. אבער אנשטאט צו ווארטען אויף איהם, איז ער אליין אויף די קניע ארויפגעקראכען. דאס האט נאך גרעסער געמאכט די היימליכקייט פון זאל. איצט אבער איז קריסטאף געווען געראטעוועט. ביי זיין אינסטרומענט האט ער פאר קיינעם מעהר קיין מורא ניט געהאט.

מעלכיאר האט זיך ענדליך באוויזען. די גוטע שטימונג פון פובליקום איז איהם צוניץ געקומען. מען האט איהם בא־געגענט מיט גאנץ ווארימע אפלאדיסמענטען. די סאנאטע האט זיך אנגעהויבען. דער קליינמענשעלע האט געשפיעלט מיט א פעסטער זיכערקייט, די מויל צוזאמענגעדריקט פון אויפמערקזאמקייט, די אויגען אנגעשטרענגט אויף די קלא־ווישען און די קליינע פיסלאך זיינען ארונטערגעהאנגען פון הויכען שטול. וואס ווייטער די נאטען האבען זיך פאנאנ־

דערגעוויקעלט, האָט ער אַלץ בעסער גענומען זיך פיהלען: דאָ איז ער געווען ווי צווישען בעקאַנטע פריינד. א פריינדליכער גערויש איז דערגאַנגען ביז צו איהם; און ווען ער האָט א טראכט געטהאָן, אז די אַלע מענשען האַלטען זיך אַזוי שטיל, כדי צו איהם זיך צוצוהערען און איהם צו בעוואונדערען, האָט א כוואַליע פון שטאָלצער צופרידענהייט איהם א שלאָג געטהאָן אין קאָפּ אריין. קוים אבער האָט ער געענדיגט, איז א מורא ווידער בעפאַלען אויף איהם, און די אפּלאָדיסמענטען, מיט וועלכע מען האָט איהם באגריסט, האָבען איהם פאַרשאַפט מעהר שאנד ווי פרייד. די שאנד האָט זיך פאַרדאָפּעלט, ווען מעלביאר האָט איהם גענומען פאַר'ן האנד, האָט איהם צוגעפיהרט ביז'ן ברעג פון דער ביהנע און איהם געמאכט זיך פאַרבייגען פאַר'ן פובליקום. ער האָט געפאָלגט און האָט זיך טיעף פאַרבויגען אויף א גאַנץ אונגעלומפּערטען שטייגער; אבער ער האָט זיך געפיהלט ערנידעריגט, און איז רויט געוואָרען פון דעם, וואָס ער האָט געטהאָן, ווי דאָס וואָלט געווען זעהר לעכערליך און העסליך.

מען האָט איהם אוועקגעזעצט ביים קלאַוויר און ער האָט אַליין אויסגעשפּיעלט „די פרייד פון פריהע קינדהייט". א ווילדע צוקאָכטקייט האָט אויסגעבראָכען. נאָך יעדען שטיק האָט מען איהם בעשאָטען מיט בעגייסטערונג; מען האָט געפאָדערט, אז ער זאָל די גאַנצע זאַך איבערשפּיעלען נאָך אַמאָל; און כאָטש ער איז געווען שטאָלץ מיט זיין ערפאָלג, האָבען די אויסדריקע פון צופרידענהייט איהם באַליידיגט, ווייל זיי האָבען איהם אויסגעוויזען ווי באַפעהלען. צום ענד האָט דער גאַנצער זאַל זיך אויפגעהויבען איהם צו באַגריסען; דער גרויספירשט האָט געגעבען דעם צייכען פאַר די אפּלאָדיסמענטען. דאָך קריסטאָף, וועלכער איז אַליין

געוועזן אויף דער ביהנע, האט דעם מאָל מורא געהאט זיך א ריהר צו טהאָן פון שטול. די באגריסונגען האבען זיך פארדאָפּעלט. ער האט אלץ ניעדעריגער און ניעדעריגער אראָפּגעלאָזען דעם קאָפּ, אין גאנצען רויטווערענדיג פון שאנד; און האט געקוקט פארעקשנ׳ט אין דער זייט, להפך פון זאל. מעלכיאר איז צוגעגאנגען, האט איהם ארויפגענומען אויף די הענד און באפוילען צו מאכען לופט־קושען, אנ־ווייזענדיג אויף דער לאזשע, וואו דער גרויספירשט איז געזעסען. קריסטאָף האט זיך געמאכט ניט הערענדיג. מעל־כיאר האט איהם א כאפּ געטהאָן ביים האנד און אין א נידעריגען קול איהם גענומען סטראשענען. דאמאָלט האט ער געהארכזאם געמאכט די געפאָדערטע בעוועגונגען; אבער ער האט אויף קיינעם ניט געקוקט, האט ניט אויפגעהויבען די אויגען, האט ווייטער געהאלטען דעם קאָפּ פארדרעהט אן א זייט, און האט זיך געפיהלט אונגליקליך: ער האט געליטען, ניט וויסענדיג אליין פארוואס; ער האט זיך געפיהלט גע־קריינקט אין זיין אייגענעם בעוואוסטזיין און האט געהאסט די אלע מענשען, וואס זיינען דארט געוועזן. זיי האבען אפילו איהם אפּלאָדירט, אבער ער האט זיי ניט מוחל געוועזן, פאר וואס זיי האבען געלאכט פון זיין ערנידעריגונג און זיך גע־פרעהט דערמיט; ער האט זיי ניט מוחל געוועזן, וואס זיי האבען זיך צוגעקוקט צו זיין לעכערליכער לאגע, ווי אזוי ער איז געהאנגען אין דער לופט, שיקענדיג קושען; זייערע אפּלאָדיסמענטען אליין האבען איהם כמעט געקריינקט. און ווען מעלכיאר האט איהם ענדליך אראָפּגעלאָזען אויף דער ערד, איז ער אנטלאָפען הינטער די קוליסען. אין דעם אוי־גענבליק האט א דאמע צוגעווארפען א קליינעם קראנץ פון פיאלקעס, וועלכער איז איהם געפאלען גלייך אין פנים אריין.

דאָס האָט אויף איהם אַרויפגעוואָרפען נאָר אַ גרעסערע אימת, און ער האָט גענומען לויפען אַזוי גיך ווי די פיס האָבען איהם געטראָגען, אומוואָרפענדיג די שטוהל אויפ'ן וועג. וואָס מעהר ער איז געלאָפען, אַלץ מעהר האָט מען געלאַכט; און וואָס מעהר מען האָט געלאַכט, אַלץ מעהר איז ער געלאָפען.

ענדליך איז ער דערגאַנגען צום אַרויסגאַנג פון דער ביהנע, וועלכער איז געווען אין גאַנצען פאַרשפּאַרט פון מענשען, וואָס זיינען געקומען איהם אָנקוקען; מיט די הענד און מיט'ן קאָפּ האָט ער זיך דורכגעשטויסען דורך זיי, און איז געלאָפען זיך בעהאַלטען אין אַ ווינקעל פון פּאַדערצימער. דער זיידע איז געווען מלא שמחה און איהם באַשאָטען מיט ברכות. די מיטגליעדער פון אָרקעסטער האָבען אויסגעבראַכען אין אַ געלעכטער, און גראַטולירט דעם קליינעם, וועלכער האָט זיך ענטזאָגט צו קוקען אויף זיי און זיי די האַנד צו געבען.

מעלכיאָר איז געשטאַנען אויף דער וואַך, שאַצענדיג די אַפּלאָדיסמענטען, וואָס האָבען נאָך אַלץ ניט געוואָלט אויפהערען, און האָט געוואָלט קריסטאָף'ן צוריק אַרויספיהרען אויף דער ביהנע. אָבער דאָס קינד האָט מיט כעס זיך געשטעלט געגען דעם, האָט זיך שטאַרק איינגעטשעפּעט אין זיידענס ראָק און געבריקעט מיט די פיס יעדען איינעם, וואָס האָט געוואָלט צוגעהן צו איהם. געענדיגט האָט ער דערמיט, וואָס ער האָט זיך ביטער צואווינט, און מען האָט איהם געמוזט לאָזען צורוה.

גראַדע אין דעם אויגענבליק האָט אַן אָפיציר זיך באַוויזען, און, אין נאָמען פון פירשט, האָט ער פאַרבעטען די קינסטלער צום פירשט אין דער לאָזשע. ווי אַזוי האָט מען געקאָנט ווייזען דאָס קינד אין אַזאַ צושטאַנד? מעלכיאָר

האָט געשאָלטען פון כעס; אבער זיין אויפרעגונג האָט גאנץ נאטירליך נאָר פארדאָפּעלט קריסטאָף'ס געוויין. אום צו מאכען א סוף צו דעם ים טרעהרען, האָט דער זיידע פאר־שפּראָכען אַ פונט שאָקאָלאַד, אויב קריסטאָף וועט שטיל ווערען; און קריסטאָף, וואָס איז געווען אַ גרויסער נאשער, איז מיט אמאָל שטיל געוואָרען, אראָבשלינגענדיג די טרעה־רען, און האָט זיך געלאָזט פיהרען; אבער מען האָט קודם כל געמוזט איהם געבען א שבועה, אז מען וועט איהם ניט פארנאַרען אויף דער ביהנע.

אין דעם זאָל פון דעם פירשט'ס לאָזשע האָט מען איהם פאָרגעשטעלט פאר א מאן אין א פראק, מיט אַ פּנים פון א מאָפּס, מיט שטעכעדיגע וואנצעס און א קורצען, שפּי־ציגען בערדל, קליין געוויקסיג, רויט, אביסעל דיקלאָך, וועלכער האָט זיך געווענדעט צו איהם מיט אן איראָניש־שפּאסהאפטער נאָהענטקייט, איהם א קניפּ טהוענדיג אין באק מיט זיין פעטע האנד און איהם גערופען: „דער פון קבר אויפגעשטאַ־נענער מאצארט!“ דאָס איז געווען דער פירשט. — נאָכדעם איז ער דורך די הענד פון דער גרויספירשטין, זייער טאָכטער דער גאנצער סוויטע. אבער אזוי ווי ער האָט ניט גע־וואגט אויפצוהויבען די אויגען, האָט ער געזעהן פון דער גאנצער געזעלשאפט ניט מעהר ווי א רייהע קליידער און אר־ניפאָרמס, פון גארטעל ביז צו די פיס. ער איז געזעסען אויפ'ן ישוים פון דער יונגער פרינצעסין, האָט אבער ניט געוואגט. ניט זיך צו ריהרען און ניט צו אטעמען. זי האָט געשטעלט פראגען, אויף וועלכע מעלכיאר האָט געענטפערט מיט אן אונטערטהעניגער שטים און מיט געוועהנליכע רעספּעקט־פראזען; זי אבער האָט זיך ניט צוגעהערט צו מעלכיאר און געזוכט זיך צו רייצען מיט'ן אינגעל. דער אינגעל האָט גע־

פיהלט, ווי ער ווערט אַלץ מעהר רויט; און מיינענדיג, אַז יעדער איינער מוז דאָך באַמערקען זיין רויטקייט, האָט ער געוואָלט עס ערקלעהרען און האָט געזאָגט מיט אַ שווערען זיפץ:

„איך בין רויט, עס איז מיר הייס".

דאָס האָט ארויסגערופען אַ שטאַרקען געלעכטער ביי דער יונגער מיידעל. אבער קריסטאָף האָט אויף איהר ניט געהאט קיין פאַריבעל, ווי ער האָט געהאט פאַריבעל אויף דאָס פּובליקום, ווארום דער לאַכען איז איהם געווען אַנגענעהם; זי האָט איהם געקושט און דאָס איז אויך ניט געווען אונאַנגענעהם.

אין דעם אויגענבליק האָט ער אין קאָרידאָר, ביים אריינגאַנג צו דער לאַזשע, דערזעהן דעם זיידען, אַ גליקליכען און שטראַהלענדען. איהם האָט זיך אַזוי שטאַרק געוואָלט זיך בעווייזען און אריינשטעלען אַ וואָרט, אבער ער האָט ניט געהאט די העזה, ווייל מען האָט זיך ניט געווענדעט צו איהם. ער האָט דערפאַר פון ווייטען זיך געפרעהט מיט זיין אייניקעלס פּראַכט. קריסטאָף איז באַהערשט געוואָרען פון אַ גרויסער צערטליכקייט און פון אַ שטאַרקען וואונש צו טהאָן געעכטיגקייט צום זיידען, כדי מען זאָל אויך איהם אבשאַצען. זיין צונג איז געוואָרען לויז. ער האָט זיך צוגערוקט צו זיין פריינדינס אויער און האָט איהר אריינגעשושקעט:

— איך וועל אייך זאָגען אַ סוד."

זי האָט געלאַכט און געפרעגט:

„וואָס פאַר אַ סוד?"

— „איהר ווייסט דאָך — האָט ער ווייטער גערעדט — דעם שעהנעם ט ר י אָ, וואָס געפינט זיך אין מיין מ ע נ ו ע ט, אין דעם מ י נ ו ע ט, וואָס איך האָב גע־

שפּיעלט. איהר דערמאָנט זיך?... (ער האָט עס גאַנץ שטיל אונטערגעבּרומט)... יאַ, אָט דאָס האָט דער זיידע געמאַכט, ניט איך. אַלע אַנדערע מעלאָדיעס זיינען מיינע. אַבער דוקא די איז די שעהנסטע. און זי געהערט דעם זיידען. דער זיידע וויל ניט, אַז מען זאָל עס זאָגען. איהר וועט דאָך קיינעם מעהר ניט דערצעהלען?"... און אַנווייזענדיג אויפ'ן אַלטען, האָט ער צוגעלייגט: „דאָ איז דער זיידע. איך האָב איהם זעהר האָלט. ער איז זעהר גוט צו מיר."

דערפון האָט די יונגע פּרינצעסין זיך נאָך הארציגער צולאַכט, האָט געשריען, אַז ער איז אַ וואוילער קינד, האָט איהם באַדעקט מיט קושען און, צו דער גרויסער איבערראַשונג פון קריסטאָף'ן און פון זיידען, האָט זי אַלעמען דערצעהלט די געשיכטע. אַלע האָבען גענומען מיטלאַכען, און דער גרויספירשט האָט גראַטולירט דעם אַלטען, וועלכער איז געוואָרען גאָר אַ צומישטער און געפּרובירט די גאַנצע זאַך ערקלעהרען, שטאַמלענדיג און שטעהענדיג ווי אַ פער'משפּטער קריסטאָף אָבער האָט מיט דער יונגער מיידעל מעהר אַ וואָרט ניט אויסגערעדט. ניט קוקענדיג אויף אַלע איהרע שטיפעריייען, איז ער געבליעבען שטום און שטייף; ער האָט צו איהר באַקומען אַ פעראַכטונג, פאַרוואָס זי האָט ניט געהאַלטען איהר וואָרט. די פאַרשטעלונג, וואָס ער האָט געהאַט פון פירשטען האָט געליטען אַ שטאַרקען בראָך פון אָט דער ניט געטרייקייט. ער איז געוועזען אַזוי צוקאָכט, אַז ער האָט מעהר קיין זאַך ניט געהערט פון אַלץ, וואָס מען האָט גערעדט; און האָט זאָגאַר ניט געהערט, אַז דער פירשט האָט איהם לאַכענדיג געמאַכט פאַר זיין שטענדיגען פּיאַניסט, זיין הויפמוזיקאַנט.

ער איז אַוועק מיט זיין פאַמיליע און האָט זיך געפונען

ארומגערינגעלט, אין די קאָרידאָרען, ביז אויפ׳ן גאַס, פון מענשען, וועלכע האָבען איהם גראַטולירט און איהם געקושט צו זיין גרויסער אונבעקוועמליכקייט; ווארום ער האָט זעהר פיינט געהאט צו ווערען געקושט, און ער האָט קיינעם ניט געגעבען דאָס רעכט צו בעל הבית׳עווען איבער איהם אָהן זיין ערלויבניש.

ענדליך איז מען געקומען אהיים, און קוים האָט זיך די טהיר פארמאכט, האָט מעלכיאָר איהם אָנגעהויבען רופען „קליינער אידיאָט“, פאר וואָס ער האָט דערצעהלט, אז דער ט ר י אָ איז ניט זיינער. אזוי ווי דאָס קינד האָט גאַנץ גוט געוואוסט ביי זיך, אז דאָס אָבגעטהאָנענע איז א גוטע זאַך פאר וועלכע מען האָט איהם געדאַרפט לויבען, ניט זידלען, האָט ער זיך געשטעלט אנטקעגען און האָט געענטפערט חוצפה׳דיג. מעלכיאָר איז געוואָרען אָנגעצונדענער, און געזאָגט, אז ער וואָלט איהם אויסגעפּאַטשט, אויב ער וואָלט ניט געהאט געשפּיעלט זיינע שטיק ווי געהעריג איז; אָבער אז דורך זיין נארישקייט האָט ער אליין אוועקגע׳הרג׳עט דעם גאַנצען עפעקט פון זיין קאָנצערט. קריסטאָף האָט גע־האט א טיפען געפיהל פון גערעכטיגקייט: ער איז אוועק אין א ווינקעל אן אנגעבלאָזענער; אין זיין פּעראַכטונג האָט ער ארייננגענומען זיין פאָטער, די פּרינצעסין און די גאַנצע וועלט. שטארק באַליידיגט האָט איהם אויך דאָס, וואָס די שכנים זיינען געקומען גראַטולירען זיינע עלטערן און צוזאַ־מען מיט זיי געלאַכט, אזוי ווי די עלטערן וואָלטען זיינע שטיק געשפּיעלט, און אזוי ווי די גאַנצע זאַך וואָלט גאָר גע־האט א שייכות צו זיי.

דערווייל איז געקומען א הויף־לאַקאַי, און געבראַכט אין נאָמען פון פירשט א שעהנעם, גאָלדענעם זייגער; און אין נאַ־

מען פון דער פרינצעסין — א קעסטעל מיט אויסגעצייכענטע קאָנפעקטען.ביידע מתנות האָבען קריסטאָף'ן פארשאפט גרוים פרייד; ער האָט ניט געוואוסט געגוי, וועלכע פון די ביידע האָט די גרעסטע פרייד פארשאפט; אבער ער איז געווען אזוי שלעכט אויפגעלעגט, אז ער האָט ניט געוואָלט זיך מודה זיין אין דעם; און ער האָט זיך ווייטער געבלאָזען, עפענענדיג די קאָנפעקטען און זיך פרעגענדיג: צי דארף מען אָננעהמען א מתנה פון א מענשען, וואָס האָט אבגענארט דיין פערטרויען? ווען ער האָט שוין געהאלטען ביים נאָכגע־בען, האָט דעם פאטער זיך פארוואָלט, אז ער זאָל תיכף זיך אוועקזעצען ביים ארבייטס־טיש און זאָל אויפשרייבען א דאנק־בריעף, וואָס ער וועט איהם דיקטירען. דאָס איז דאָך שוין געווען צופיעל! צי עס איז געווען פון נערוועזער אנ־שטרענגונג נאָך אזא טאָג, צי עס איז געווען פון אינסטינקטיווער שאנד צוליעב דעם, וואָס דער בריעף האָט זיך גע־דארפט אָנהויבען, לויט מעלכיארס וואונש, מיט די ווערטער:

„דער קנעכט און מוזיקאנט פון אייער גרוים־פירשט־ליכער מאיעסטעט“...

ער האָט אויסגעבראכען אין טרעהרען, און מען האָט מיט איהם גאָר ניט געקאָנט מאכען. דער לאָקיי האָט געווארט מיט א שפאטישער מיענע. מעלכיאר האָט געמוזט שרייבען דעם בריעף. דאָס האָט איהם ניט געמאכט פריינדליכער אויפגעלייגט צו קריסטאָף'ן. און כדי צו מאכען דעם אונ־גליק פארפול, האָט דאָס קינד געלאָזען אראָפפאלען דעם זייגער, וועלכער האָט זיך צובראכען. א האָגעל פון זידעל־ווערטער האָט זיך א שאָט געטהאָן אויף איהם. מעלכיאר האָט געשריען, אז ער וועט ניט באקומען קיין דעסערט. קריסטאָף האָט מיט בעס געענטפערט, אז ער וויל גאָר קיין דעסערט

ניט. אלס שטראָף האָט לואיזע איהם געסטראשעט צוצו־
נעהמען ביי איהם די קאַנפעקטען. קריסטאָף איז געוואָרען
אויסער זיך פון צאָרן, און האָט געענטפערט, אז זי האָט גאָר
קיין רעכט אויף דעם ניט, ווייל די קאַנפעקטען געהערען צו
איהם, צו איהם אליין און ניט צו קיין אנדע־
רען. קיינער טאָר עס ביי איהם ניט אוועקנעהמען! ער האָט
געקראָגען א פאטש, און איז געוואָרען אזוי צוקאָכט פון כעס,
אז ער האָט ארויסגעריסען דעם קעסטעל קאַנפעקטען פון
דער מוטערס האנד, האָט עס שליידער געטהאָן אן דר׳ערד
און עס גענומען טרעטען מיט די פיס. מען האָט איהם אָנ־
געשמיסען, אוועקגעטראָגען אין זיין צימער, איהם אויסגע־
טהאָן און אוועקגעלעגט אין בעט.

אין אָוונד האָט ער געהערט ווי זיינע עלטערן עסען,
צוזאמען מיט זייערע פריינד, די פרעכטיגע סעודה, צו וועל־
כער מען האָט זיך מכין געווען זייט א וואָך לכבוד דעם קאָנ־
צערט. ער איז כמעט ניט צופלאצט געוואָרען, ליעגענדיג אויף
זיין קישען, פון צאָרן פאר אזא אונגערעכטיגקייט. די אנדערע
האָבען געלאכט זעהר הויך און האָבען געטרונקען לחיים׳ס.
די געסט האָט מען געזאָגט, אז דער קליינער איז פארמאַ־
טערט. קיינער האָט זיך ניט געקימערט וועגען איהם. נאָר
נאָכ׳ן עסען, בעת מען האָט שוין געהאלטען ביים פארנאָנ־
דערגעהן זיך, האָבען שלעפענדיגע טריט זיך ארייגעגליטשט
אין צימער, און דער אלטער זשאַן מישעל האָט זיך אריבער־
געבויגען איבער זיין בעט, איהם מיט ליעבע א קוש געטהאָן,
זאָגענדיג: „מיין גוטער, קליינער קריסטאָף"... דאַן האָט
ער זיך ארויסגע׳גנב׳עט צוריק, ווי א פערשעמטער, ניט
ארויסריידענדיג מעהר א וואָרט, און האָט אויסגעלייגט אויפ׳ן

בעט אביסעל נאשעריי, וואס ער האט געהאלטען בעהאלטען אין קעשענע.

דאס האט קריסטאף'ן אביסעל געטרייסט. אבער ער איז געווען אזוי אויסגעמאטערט פון די אלע איבערעגונגען פון טאג, אז ער האט ניט געהאט קיין כח נאכצוטראכטען וועגען דעם, וואס דער זיידע האט געטהאן; ער האט אפילו קיין כח ניט געהאט אנצוריהרען די אלע גוטע זאכען, וואס דער זיידע האט איהם געגעבען. ער איז געווען צובראכען פון מידקייט און איז באלד איינגעשלאפען.

זיין שלאף איז געווען זעהר א לייכטער. נערוועזע אטאקעס זיינען איהם בעפאלען, אזוי ווי עלעקטרישע שטראמען וואלטען זיין קערפער אויפטרייסלען. א ווילדע מוזיק האט איהם פארפאלגט אין חלום. אין מיטען נאכט האט ער זיך אויפגעכאפט. בעטהאווענס אווערטיורע, וואס ער האט געהערט אויפ'ן קאנצערט האט איהם געקלונגען אין די אויערן. זי האט פול געמאכט דעם צימער מיט איהר שווערען אטהעם. ער האט זיך אוועקגעזעצט אין בעט, האט גענומען זיך רייבען די אויגען און אויערן, זיך פרעגענדיג, צי שלאפט ער... ניין, ער איז ניט געשלאפען. ער האט איהר ווידער גאנץ גוט דערקענט. ער האט דערקענט דעם צארנדיגען רעווען, די ווילדע געשרייען; ער האט געהערט דאס קלאפען פון דעם צווישעטען הארצען, וואס האט געקלאפט אין זיין ברוסט און דעם געררויש פון זיין בלוט; ער האט געפיהלט אויף זיין פנים די שמיץ פון דעם משוגע'דיגען ווינט, וואס צוברעכט און צושטערט אלץ ארום זיך און וואס ווערט מיט אמאל שטיל, געבראכען פון א ריעזיגען ווילען. אט די ריעזיגע נשמה האט זיך צו איהם פארקליבען, האט אויסגעצויגען זיינע גליעדער און זיין נשמה געוואלטיג גרוים. ער האט זיך אוועק־

געלאַזען איבער דער וועלט. ער איז געווען ווי א בארג, ווינטען האָבען געשטורמט אין איהם — שטורמס פון שמערצען... א! וואָסערע שמערצען!... אבער דאָס מאכט ניט אויס!... ער פיהלט זיך אזוי שטארק!... לײדען, מעהר לײדען!... אך, ווי גוט עס איז צו זײן שטארק!... ווי גוט עס איז צו לײדען, ווען מען איז שטארק!...

ער האָט זיך פאַנאַנדערגעלאכט. זײן געלעכטער האָט אָבגעקלונגען אין דער שטילקײט פון דער נאכט. זײן פאָטער האָט זיך אויפגעכאפּט און האָט זיך צושריען:

— „ווער איז דאָרט?“

די מוטער האָט שטיל געענטפערט:

„שאַ! עס איז דאָס קינד. עס חלום׳ט זיך איהם עפּעס!“

זײ אַלע דרײ זײנען אנטשוויגען געוואָרען. אַלץ ארום זײ האָט געשוויגען. די מוזיק איז פארשוואונדען. און מען האָט מעהר קײן זאך ניט געהערט, ווי דאָס גלײכמעסיגע אָטהעמען פון די באשעפעניש׳ען, וואָס האָבען געשלאָפען אין צימער — חברים אין לײדען, צוגעשמידט אײנע צו די אַנ־דערע דורך דעם שיקזאַל, צוזאַמענגעבונדען זײט בײ זײט אין זעלבען שוואכען שיפעל, וואָס ווערט געטראָגען פון א שווינדלענדיגער קראַפט אין דער נאכט.